# געזאַנג און דעקלאַמאַציע.

(ליעדער־זאמלונג)

צוזאמענגעשטעלט דורך

ד. קאסעל.



פערלאג א. גיטלין, וואַרשוי, נאַלעווקי

איוואנאוויסקי באַזאר 1 №

# אינהאלט:

## געזאנג:



## דעקלאמאציע:



געפלויגען, געפלויגען די גאָלדענע פּאַווע
איבער אַלע ים'ען,
לאָז־זשע געריסען, די גאָלדענער פֿויגעל
מײַן ליבער, מײַן הארציגער מאַמען.

איז געפלויגען די גאָלדענע פּאַווע
איבער'ן טײַך דעם גלאַטען.
לאָז־זשע געריסען, די גאָלדענער פֿויגעל,
מײַן ליעבען, מײַן הארציגען טאַטען!

איז געפלויגען די גאָלדענע פּאַווע
איבער אַלע פֿעלדער,
האָט זי פֿערלאָרען די גאָלדענע פֿעדער
אין די פֿרעמדע לענדער.

ניט אַזוי די גאָלדענע פֿעדער,
ווי די פּאַווע אַליין.
ניט אַזוי דער פֿרעמדער זוהן,
ווי די טאָכטער אַליין.

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
אַ פֿייגעלע אָהן אַ נעסט,
אַזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
בײַ אַ שווערער און שוויגער אויף קעסט!

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
אַ וואַסער אָהן אַ פֿיש,
אַזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער
אַז מ'זיצט בײַ אַ פֿרעמדען טיש!

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
אַ פֿייגעלע אָהן אַ זאַמד,
אַזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
אַז מ'ווערט פֿערוואָגעלט אין אַ פֿרעמדען לאַנד!





אין מיטען וועג שטעהט א בוים,
שטעהט ער איינגעבויגען,
פאהרט א יוד קיין ארץ־ישראל
מיט פערוויינטע אויגען.
גאט, גאט, ליעבער גאט!
לאמיר דאוונען מנחה,
אז מיר'ן פאהרען קיין ארץ־יש־אל,
וועט זיין א גרויסע שמחה!





דאס קינד ליעגט אין וויעגעלע מיט אויסגעוויינטע אויגען,
די מאמע ליעגט אויף דר'ערד, די פים אויסגעצויגען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

דאס קינד ליעגט אין וויעגעלע און חלש'ט זויגען,
די מאמע ליעגט אין קבר מיט שארבענס אויף די אויגען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, גלעטען און קאמען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאס וויעגעלע אויסראמען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און גלעטען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאס וויעגעלע אויסבעטען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און ציערען,
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אריינפיהרען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

## געזאנג.

וועט ווער דיך, מיין קינד, מאכען פאר א מענשען,
און ווער וועט דיך, מיין קינד, אונטער דער חופה בענשען!
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

כ׳בין אויסגעגאנגען אין אלע אפטייקען,
כ׳האב געמיינט—דער מלאך המות וועט ניט קומען די מאמען טויטען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

כ׳בין אויסגעפאהרען אויף אלע שיפען, איבער אלע ים׳ען.
כ׳האב געמיינט — כ׳וועל קריגען קויפען פאר׳ן יתומ׳ל א מאמען,
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

אין דעם יתומ׳ס וויגעלע האט זיך אריינגעכאפט א פייער,
ווי אויפ׳ן פרייען פעלד אין די שטרוי פון א שייער.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!





הער נאר, דו שעי מיידעלע,
הער נאר, דו פיין מיידעלע,
וואס וועסטו טהאן אין אזא וויטען וועג?

— איך וועל געהן אין אלע גאסען
און וועל שרייען וועש צו וואשען,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין!

הער נאר, דו שען מיידעלע,
הער נאר, דו פיין מיידעלע,
וואס וועסטו טהאן אין אזא וויטען וועג?

— איך וועל געהן מיט׳ן שווערען פעקעל,
און אהן שוך און אהן רעקעל,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין!
אבי מיט דיר צוזאמען זיין!

הער נאָר, דו שען מיידעלע,
הער נאָר, דו פיין מיידעלע,
וואָס ווערסטו טהאָן אין אַזא וויַיטען וועג?
— איך וועל טויזענדער צרות ליַידען,
אומעטום נדבות קלויבען,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיַין!
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיַין!





ליעג איך מיין קעפּעלע
אויף דער מאַמעס בעטעלע —
געהט די מאַמע פאַרביי,
רק זי טהוט און קוועלט:
שלאָף, מיין טאָכטער קליינינקע,
אויגעלעך האָסטו שענינקע,
שלאָף געזונדערהייט,
שלאָף געזונדערהייט!

ליעג איך מיין קעפּעלע
אויף מיין טאַטענס בעטעלע —
געהט דער טאַטע פאַרביי,
רק ער טהוט און קוועלט:
שלאָף, מיין טאָכטער קליינינקע
אויגעלעך האָסטו שענינקע
שלאָף געזונדערהייט,
שלאָף געזונדערהייט!

ליעג איך מיין קעפּעלע
אויף מיין שוויגערס בעטעלע,
געהט די שוויגער פאַרביי,
רק זי טהוט און שעלט:
מיין שנוהר איז קיין בריה ניט
קיין מלאָכה טהוט זי ניט,
נאָר זי טהוט און פּאָפּט,
נאָר זי טהוט און פּאָפּט!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויפ׳ן שװערס בעטעלע,
געהט דער שװער פאַרבײַ,
רק ער טהוט און שעלט:
מײַן שנוהר איז קײן בריה ניט,
קײן מלאכה טהוט זי ניט,
נאָר זי טהוט און פּאָפּט,
נאָר זי טהוט און פּאָפּט!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויף מײַן מאַנ׳ס בעטעלע
געהט דער מאַן פאַרבײַ,
רק ער טהוט און קװעלט:
שלאָף, מײַן װײַבעלע קלײנינקע,
אויגעלעך האָסטו שענינקע,
שלאָף געזונדערהײט,
שלאָף געזונדערהײט!





קומט דער ליעבער זומער,
שפּיעלען מיר אין זאמד;
װאו ס׳איז אונזער װאוינונג,
דאָרט איז אונזער לאַנד.

שװאַרצע קאַרשען רײַסען מיר,
רויטע לאָזען מיר שטעהן,
שענע בחורים נעהמען מיר,
מאוס׳ע לאָזען מיר געהן.

שװאַרצער ציגײַנער,
דו ביזט ניט מײַנער;
אַז גאָט װעט דיר בעשערען,
װעסטו מײַנער װערען.





אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
די מעשה איז גאָר ניט פֿרעהליך;
די מעשה הויבט זיך אָנ׳עט,
מיט אַ יודישען מלך.

ליולינקע, מיין פֿייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָרען אַזאַ ליעבע,
ווע איז מיר און ווינד.

אַמאָל איז געווען אַ מלך,
דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה,
די מלכה האָט געהאַט אַ ווייַנגאָרטען,—
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פֿייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָרען אַזאַ ליעבע,
ווע איז מיר און ווי !

דער ווייַנגאָרטען האָט געהאַט אַ בּוים,
דער בּוים האָט געהאַט אַ צווייַג,
דער צווייַג האָט געהאַט אַ נעסטעלע,
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פֿייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָרען אַזאַ ליעבע,
ווע איז מיר און ווינד!

דאָס נעסט האָט געהאַט אַ פֿייגעלע,
דאָס פֿייגעלע האָט געהאַט אַ פֿליגעלע,
דאָס פֿליגעלע האָט געהאַט אַ פֿערעריל,
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פֿייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָרען אַזאַ ליעבע,
ווע איז מיר און ווינד!

דער מלך איז אָבגעשטאָרבען,
די מלכה — געוואָרען פערדאָרבען,
דער צווייג איז אָבגעבראָכען,
דאָס פייגעלע אנטלאָפען ...

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
ל'האָב אָנגעוואָרען אזא ליעבע,
ווע איז מיר און ווינד!

וואו נעהמט מען אזא לייטער
פון טויזענדער מיילען?
וואו נעהמט מען אזא מענשען,
וואס זאָל קענען די שטערן צעהלען!

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
וואו נעהמט מען אזא דאָקטאָר,
צו היילען מיר מיין וואונד?



אונטער דעם קינד'ס וויעגעלע
שטעהט א גאָלדען ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָהרען האנדלען
ראָזינקעס מיט מאנדלען —
דאָס איז די בעסטע סחורה.
דאָס קינד וועט לערנען תורה;
פלעצלעך מיט פוטער וועט'ן איהם שמירען.
אין הדר אריין וועט מען איהם פיהרען
ספרים וועט ער שרייבען!
א גוטער און א פרומער יוד
וועט ער, אם ירצה השם, בלייבען.
שלאָף, מיין קינד,
פריש און געזונד,
א שלאָף אויף דיר א גוטער,
ווי פארטאָג אויף דעם היטער!



מיכל גארדאן.

# מיין לעבענסצייט.

פון מוטער'ס לייב בין איך אַרויס
מיט גרויס געשריי, מיט גרויס געוויין.
אָבער איצט אין דער ערד, מיין אויביג הויז,
וועל איך גאַנץ שטיל און רוהיג געהן.

אַזוי ווי דורך אַנ'אָפען טהיר
אַרויס אין גאַס פון ענגען שטוב,
אַזוי גאַנץ רוהיג געה איך מיר
אַראָב פון בעט, אריין אין גרוב.

אָט באַלד איז מיין קורץ לעבען אוועק.
אָט באַלד קומט אָן זיין לעצטע שעה,
ניט לאַנג זיין אָנהויב און שוין זיין עק —
אָט ערשט געוועזן און באַלד ניטאָ.

מיליאָנען יאָהרען זענען פערשוואומען,
איידער איך בין אויף דער וועלט געוועזן.
מיליאָנען יאָהרען וועלען אָנקומען,
און איך וועל מעהר די וועלט ניט זעהן.

עס טהוט אַמאָל פון ים אַ שפריץ
אַ טראָפען וואַסער פאַר'ן זונענשיין
און פאַלט געשווינד, אַזוי ווי אַ בליץ,
צוריק אַראָב אין ים אַריין.



## א. גאָלדפאַדען.



יעדער האָט געהערט מן הסתם,
אונ אפשר געזעהן מיט די אויגען,
ווי דער ווינד טרייבט אַ שיף אויפ׳ן ים,
ווי זי פליהט פייל אויס׳ן בויגען.

אָבער גיכער פון איהר פליהען געשווינד
מיינע יונגע יאָהרען אַוועק;
ווי לאַנג בין איך געוועזען אַ קליין קינד,
היינט בין איך געעלטערט, אַ שרעק.

## שַׁבָּת, יום־טוב און ראש־חודש.

שבת, יום־טוב און ראש־חודש.
דאַוועזען איך מיר אַליין פאַר זיך;
איך האָב מיר אַליין מיין אָרון הקודש,
עס בעט ניט קיינער און איהם — נאָר איך.

מיין שווער הארץ איז דאָרט דער עמוד,
עס זעהט איהם קיינער ניט אַרוים.
די ליעבע איז דאָרטען מיין נר־תמיד...
עס ברענט! — און לעשט קיינמאָל ניט אויס!

דער חזן בין איך — אַליין איך אַליין,
די צרות — העלפען מיר ווי זינגערס מיט,
טרויריגם — זינגען מיר אוים גאַנץ שען,
פרעליכם? — עפעס געהט ביי אונז ניט!...

די האָפנונג הערט מען דאָרט פערזאָגען!
מען הערט זי אַרוים, אויך ווען זי שווייגט!...
כאָלד הערט מען זי דאָרט וויינען, קלאָגען,
און די טרעהרען קלאַפּען צו, צום טאַקט!—



ש. פרוג.

# זאַמד און שטערען.

עס שיינט די לבנה, עס גלאַנצען די שטערען;
די נאַכט שוועבט אויף בארג און אויף טאָל...
דאָס אַלטיטשקע ביכעלע ליעגט פאַר מיר אָפען, —
איך לייען עס, לייען דאָס טויזענדער מאָל.

איך לייען די הייליגע, טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך אַ שטימע: „איך שווער —
מיין פאָלק, דו וועסט זיין ווי די שטערען אין הימעל,
ווי זאַמד אויפ׳ן ברעג פון׳ם מעער...

רבונו של עולם! עס ווערט ניט פערפאַלען
פון דיינע הבטחות קיין איינציגעס וואָרט;
מקוים מוז ווערען דיין הייליגער ווילען,
אַלץ קומט אין זיין צייט, אויף זיין אָרט.

און איינס איז שוין טאַקע מקוים געוואָרען,
דאָס פיהל איך, דאָס ווייס איך געוויס:
מיר זענען געוואָרען ווי זאַמד, וואָס איז הפקר,
וואָס יעדערער טרעט מיט די פיס.

גאָטעניו, אמת, ווי זאַמד און ווי שטיינער,
יאָ׳ צושפרייט און צעוואָרפען אויף שאַנד און אויף שפּאָט,
נו, אָבער די שטערען די ליכטיגע, קלאָרע —
די שטערען — וואו זענען זיי, גאָט?

---

# צוויי טראָיקעס.

דער שני איז געגאַנגען צוויי טעג נאָכאַנאַנד,
אַ שליט־וועג אַ חיות געוואָרען,
די פערדעלעך שטעהען אין שליטען געשפּאַנט,
אַלץ גרייט שוין און פאַרטיג צום פאָהרען.

## גְעזאנג.

אַי, פֿערדעלעך, חיות! נו, זעץ זיך און פֿאָהר! —
מיט צאַצקעס געטאָקט איז דער שליטען,
צוויי פֿערד פֿון די זייטען — ווי הירשען אַ פּאָר,
אַ לעמפּערט, אַ לייב אין דערמיטען.

דער קוטשער נעהמט באַלד אַלע לייצען אין האַנד:
— „נו, קינדערלעך, לעבעדיג, פֿרעהליך!"
דעם שליטען האַפּט אויף מיט אַמאָל ווי אַ בראַנד...
— שטעה, איינל זיך ניט, וואַרט־וואַרט, פּאַמעליך!

ניין, ברודער, אומזיסט! ווי אַ פֿויגעל, אַ ווינד,
אַ פֿייל פֿונ'ם בויגען, אַ ווירבער,
זיי לויפֿען, זיי שוועבען, — זיי פֿליהען, געשווינד,
וואָס ווייטער — אַלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פֿעלד ווי אַ לאָקשענברעט גלאַט,
די זון שיינט פֿון אַלע פֿיער זייטען,
דער קוטשער — אַ מזיק, די פֿערדעלעך — זאַט,
די גלעקעלעך קלינגען פֿון ווייטען.

פֿאָהרט, פּריצים, קאַטאַיעט זיך, — גליקליכע טעג!...
נאָר וואַרט נאָר, וואָס איז דאָס? פּאָסטאָי־קאַ!
ווער קריכט דאָס דאָרט? איי! אַראָב פֿונ'ם וועג!...
דאָס שלעפּט זיך די יודישע טראָיקע...

אַ וואָגען — אַ פּאַלאַץ! — די בויד איז געוועבט
פֿון גאַנצע תרי"ג אלטע שטיקלעך,
די אָקסען מיט וואַקס פֿון הבדלה געקלעבט,
די רעדער געבונדען מיט שטריקלעך.

דריי קליאַטשעס — דריי אָדלערס! דריי לייבען, אַ שרעק! —
זיי שפּרינגען, נו, טאַקע ווי זשאַבעס...
ישׂראליק'על פֿאָהרט, פֿאָהרט און פֿאָהרט אָהן אנ'עק,
אַהיים צו פֿאַספּייען אויף שבת...

אַ היים... אוי, ווי ווייט נאָך, ווי ווייט איז זיין היים,
ווי שווער, נעבעך, איז די נסיעה:
עס זינקען די רעדער אין שמוץ און אין ליים,
האָטש טרינק זיך, האָטש קריך אויף דער תּליה!

עס זינקען די רעדער, עס טרעשטשעט דער סלך,
די זאוויעסקעס סקריפען און קנאקען,
אט, אט איז א גרוב, א פערזינקעניש — טראך!
ער פליהט און צוברעכט האלז און אקען...

נאר האט ניט קיין מורא: ישראליק איז קלאר,
איז בקי אין הלכת־עגלה —,
ער שלעפט זיך דאך שוין כמעט צוויי טויזענט יאהר,
דאס איז דאך פון אויביג זיין ראלע...

ער שלעפט זיך דורך פעלדער און וועלדער אים,
ער בלאנדזשעט אין סטעפעס, מדבריות,
ער האט שוין געפיהלט און ער ווייס שוין דעם טעם
פון אלערליי ביטערע צרות.

ער האט שוין בעגעגענט אי לייבען, אי הינד,
אי לצים, אי שלענג, אי גזלנים,
עס האט ביז אין ביין איהם געשמיסען דער ווינד,
דער האגעל געפאטשט איהם אין פנים.

עס איז אבער גאר ניט געווארען פון דעם.
ביילט, כלבים, עד לב השמים!
זיין טראיקעלע שלעפט זיך נאך, ברוך־השם,
ער לעבט נאך און פאהרט נאך עד היום.

פיעל טראיקעס געווארען שוין הינקעדיג, בלינד,
פיעל גלעקלעך צובראכען, פיעל בייטשען צוריסען,
עס איז שוין קיין זכר ניטא פון די הינד,
וואס האבען אמאל איהם געביסען.

עס איז נישט געבליבען אפילו דער אדט
פון טויזענד פאטשטאווע קוריערען און רייטער,
און זעהט נאר, ישראליקעלס טראיקע — זי פאהרט,
זי שלעפט זיך אלץ וויי‍טער און ווייטער...

די יודישע טראיקע — איהר קענט זי, איהר ווייסט?
מיר האבען אויף איהר א חזקה...
די אלטיטשקע יודישע טראיקע — זי הייסט:
תשובה ותפלה וצדקה!..

שלום-עליכם.

# שלאָף, מײַן קינד!

(א וויעג-ליעד).

שלאָף מײַן קינד, מײַן טרייסט, מײַן שענער,
שלאָף, מײַן זוהנעניו!
שלאָף מײַן קרוין, מײַן קדיש איינער,
ליולינקע ליו-ליו.

בײַ דײַן וויעגעל זיצט דײַן מאַמע,
זינגט אַ ליעד און וויינט;
וועסט אַמאָל פערשטעהן, מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט.

„אין אַמעריקאַ” דער טאַטע
דײַנער, זוהנעניו!
ביזט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת-עתה,
שלאָף זשע, שלאָף, ליו-ליו.

דאָס „אַמעריקע” פאַר יעדען,
זאָגט מען, איז אַ גליק,
און פאַר יודען אַ גן-עדן, —
עפּעס אַנ'אַנטיק.

דאָרטען ווייסט מען פון קיין גלות,
גזרות, זוהנעניו,
פון קיין צרות, קיין יללות,
שלאָף זשע, שלאָף, ליו-ליו.

דאָרטען, זאָגט מען, זענען יודען,
קיין עין-הרע רײַך.
יעדער לעבט זיך דאָרט צופריעדען.
אַלע זענען גלײַך.

דאָרטען עסט מען אין דערוואָכען
חלה, זוהנעניו!
יאַיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכען,
שלאָף זשע, שלאָף, ליו-ליו.

גאָר דערווײַלע לאָמיר האָפֿען,
אױ, וואָס קאָן מען טהון?
כ׳וואָלט שוין לאַנג צונ׳איהם געטראָפֿען,
ווײס איך ניט וואוהין...

גאָט וועט הײסען, וועט ער שיקען
בריוולעך, זוהנעניו!
גאָר אין גיכען אונז בעגליקען,
שלאָף זשע, שלאָף, ליו-ליו.

ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלער,
זײַן פאָרטרעט דערצו,
און וועט נעהמען, לעבען זאָל ער,
אונז אַהינצו צו.

ער וועט אַלץ פון אונזערטוועגען
שאַפֿען, זוהנעניו,
און וועט פאָהרען אונז אַנטקעגען,
שלאָף זשע, שלאָף, ליו-ליו.

און וועט האַפֿען דיך צום קושען,
שווײַגען אַזש פאַר פֿרײד;
איך וועל קוואַלען טרעהרען גיסען,
ווײנען שטילערהײט.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטעל,
דאַרף מען, זוהנעניו,
שלאָפֿען; ס׳איז אַ טײַער מיטעל, —
ליוליוּקע, ליו-ליו.

■ ══════ ■ ══════ ■

ס. ראָזענפֿעלד.

# מײַן אינגעלע.

איך האָב אַ קלײנעם יונגעלע,
אַ זוהנעלע גאָר פֿײַן!
ווען איך דערזעה איהם דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מײַן.

נאָר זעלטען, זעלטען זעה איך איהם,
מײַן שענעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף איהם אימער שלאָפענדיג,
איך זעה איהם נאָר בײַנאַכט.

די אַרבײַט טרײַבט מיך פריה אַרויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מײַן אײגען לײַב!
אָ, פרעמד מײַן קינד'ס אַ בליק!

איך קום צוקלעמטערהײד אַהײם,
אין פינסטערניש געהילט,
מײַן בלײַכע פרוי דערצעהלט מיר באַלד,
ווי פײַן דאָס קינד זיך שפיעלט.

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פאַ"?

איך הער עס צו און אײַל—עס מוז,—
יאָ, יאָ, עס מוז געשעהן!
די פאָטער-ליעבע פלאַקערט אויף:
עס מוז מײַן קינד מיך זעהן!...

איך שטעה בײַ זײַן געלעגער'ל!
און זעה, און הער, און שאַ!
אַ טרוים בעוועגט די ליפעלעך:
„אָ וואו איז, וואו איז פאַ?"

איך קוש די בלויע אויגעלעך,
זײַ עפנען זיך — „אָ, קינד!"
זײַ זעהען מיך, זײַ זעהען מיך,
און שליסען זיך געשווינד!

„דאָ שטעהט דײַן פאַפאַ, טײַערער,
אַ פעניל'ע דיר, נאַ!"
אַ טרוים בעוועגט די ליפעלעך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פאַ?"

איך בלייב צו-וועהטאגט און צוקלעמט,
פערביטערט, און איך קלער:
„ווען דו ערוואקסט אמאל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מעהר״...

---

## צו א בארוועסער מיידעלע.

עס האט אי געשנייט, אי גערעגענט,
און געהענדיג שנעל דורכ'ן גאס,
א מיידעלע האב איך בעגעגענט,
האלב נאקעט און בארוועס, און נאס.

זי האט מיט די נאקעטע פיסלעך
געפאטשט דעם פערגאסענעם ברוק,
און עפיס אזוי ווי פערדריסלעך
געשיינט האט איהר קינדערשער קוק.

קליין מיידעלע, זאג מיר, וואו געהסטו,
דורך רעגען, דורך שניי און דורך קעלט?
א, זאג מיר, מיין קינד, חאטש פערשטעהסטו
ווי איבעריג דו ביזט דער וועלט?

דער וועלט, וועלכע לאזט דיר דא זוכען
א לעבען דורך עלענד און לייד,
און וויל דיינע פיס ניט בעשוכען
ניט האלטען דיין גוף אין א קלייד?

זאג, זענען דיר פרעמד די געפיהלען,
דיר פאלט גאר ניט איין דער געדאנק,
אז ווען דו זאלסט איצט זיך פערקיהלען,
דאן פאלסטו אוועק און ביזט קראנק?

א, ווער וועט דיך דאמאלס קורירען?
א, ווער וועט פאר דיר עפעס טהאן?
די וועלט, וועלכע לאזט דיך פערפריהרען?
דער גאט, וועלכער קוקט דיך ניט אן!

ווי ווייט איך פערשטעה, איז מסתמא
פון לאנג שוין און ניט נאך פון היינט,
די נאקעטע גאס נאר דיין מאמע,
די שטיינער פון ברוק דיינע פריינד!

דיין צורה די בלייכע, די דארע
דערצעהלט מיר פון אלעם, מיין קינד!
די ביזט דא א וואלוועלע ווארע,
געיאגט און געשליידערט פון ווינד!

בעטראכטענדיג שוין דיך בעלאדען
מיט וועהטאג, אויב נאך ניט מיט כעס,
פערשטעה איך דעם גוואלדיגען שאדען,
וואס דיר קען נאך ברענגען די גאס...

דיין בארוועסקייט, קינד, דיינע טרעהרען,
דיין געהן און ניט וויסען א וואו,
דערצעהלען מיר, וואס עס קען ווערען
פון מיידלעך אזעלכע, ווי דו...

דערפאר ווערט דאס הארץ מיר צוריסען,
דערפאר הויב איך אויף א געשריי,
דערפאר נאר, יא, וואלט איך דיך קושען,
דיר העלפען און שטילען דיין וועה.

דערפאר מוז איך וויינען און קלאגען!
א! דאס קען אויך זיין מיט מיין קינד,
ווען מיך זאלען צרות דערשלאגען,
און איהר זאל פערווארפען דער ווינד.

---

# א גלות-מארש.

מיט דעם וואנדערשטאב אין האנד,
אהן אהיים און אהן א לאנד;
אהן א גואל, אהן א פריינד,
אהן א מארגען, אהן א היינט, —
ניט געדולדעט, נאר געיאגט,
וואו געטעכטיגט, ניט געטאגט,
אימער וועה, וועה, וועה,
אימער געה, געה, געה,
אימער שפאן, שפאן, שפאן,
כל זמן כח איז פארהאן.

אונזער גבורה ליגט אין שטויב,
אונזער תורה איז א רויב,
אונזער נאָמען — אַ געפאַהר,
אונזער יחוס—נאָר אַ צער,
אונזער גאונות—נאָר אַ חטא,
אונזער פייַנקייט — אַ געשעפּט.
אימער שלעגט, שלעגט, שלעגט,
אימער קנעכט, קנעכט, קנעכט,
אימער זוך, זוך, זוך,
ואגט נאָר איהם דעם שונא׳ם פלוך.

און אזוי אַ יאָהר נאָך יאָהר,
און אזוי אַ דור נאָך דור,
אָהן אַ האָפנונג, אָהן אַ צוועק,
איינגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואנדלען מיר ווילד אוים, ווילד איין
פון יסורים נאָר צו פּיין.
אימער טרעט, טרעט, טרעט,
אימער בעט, בעט, בעט,
אימער נויט, נויט, נויט,
און קיין גליק זוגאר צום טויט...

---

# דער קאַנאַריק.

עס טריליערט דער קאַנאַריק
אין פרייען וואלד אַליין:
ווער קען זיין שמחה פיהלען?
ווער קען זיין פרייד פערשטעהן?
עס טריליערט דער קאַנאַריק
אין רייכסטען פּאלאַסט שען:
ווער קען זיין וועהטאָג פיהלען?
ווער קען זיין שמערץ פערשטעהן?



א. רײזען.

## אַ ווינטער-ליעד.

הוליעט, הוליעט בײזע ווינדען,
פרײ בעהערשט די וועלט!
ברעכט די צווײַגען, ווארפט די בוימער,
טהוט וואס אײַך געפעלט!

טרײַבט די פויגעל פון די וועלדער
און פעריאגט זײ פארט,
די, וואס קענען ווײַט נישט פליהען, —
טויט זײ אויפ'ן ארט!

רײַסט די לאדען פון די הײַזלעך,
שויבען ברעכט אַרוים!
ברענט אַ ליכטעל ערגעץ דונקעל, —
לעשט מיט צארען אוים!

הוליעט, הוליעט, בײזע ווינדען,
איצט איז אייער צײַט!
לאנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאך ווײַט!...

---

## די קירכען-גלאָקען.

אך, וואס קלינגט איהר, קירכען-גלאָקען!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקען
האָבען אײַ'רע ווילדע טענער
אונזער אר'מע וועלט!

איהר דערמאָהנט מיר יענע רוחות,
די קאטוילישע מלוכות,
וועלכע האָבען עשאפאָטען
הויכע אויפגעשטעלט;

אײ׳רע טענער, רופען הענקער
צו מערטירען יעדען דענקער,
יענעם קאָפ אַראָבצוהאַקען,
וועלכער בויגט זיך ניט;

אָ, איהר ווילט די וועלט פערוויעגען
מיט אַ שוואַרצען, טויטען ניגון
און פערדעקען מיט אַ מאַנטעל
פון אַ יעזואיט!

---

כ׳האָב אַ נײַעם גלאָק בעשאַפען,
צו ערוואַכען טויטע שקלאַפען —
ניט אין קירכען, — אין דער לופטען
הענג איך איהם אַרויף;

ניט צו שרעקען, נאָר צו וועקען
גאָר די וועלט אין אַלע עקען,
קלינגט ער מוטהיג, רופט ער פרעהליך:
שטעהט צו לעבען אויף!

---

## אָרימעם לעבען...

אָרימעם לעבען! נאָר שטענדיג זיך מאַטערן,
שטענדיג צו לעבען אין נויט;
כחות די יונגע, די פרישע צו פטר׳ן,
זוכענדיג — טרוקענעם ברויט!

וואַלגען און וואַנדערן! וואו טאָגען, ניט נעכטיגען,
נעכטיגען ניט, וואו געטאָגט!
הערען דאָס שפעטען פון בייז־נידערטרעכטיגען,
שווײַגען — קיין וואָרט נישט געזאָגט!

בוקען זיך, בויגען זיך נידעריג, נידעריג,
ברעכען דעם קערפער אויף האַלב;
ריידען תחנונים און ווייַנענדיג, ציטעריג,
בעטען בײַם גאָלדענעם קאַלב!...

ג. גֶעזוּנג.

שטיקען פֶערלאַנגען און שטרעבונגען קראַפטיגע,
שטיקען און דריקען אין האַרץ;
בלומען פון יוגענד, די פרישע, די זאַפטיגע,
לאָזען צו טרעטען אויף שוואַרץ!...



ה. ד. נאָמבערג.

# אַ וויגען=ליד.

ס'לויפען, ס'יאָגען שוואַרצע וואָלקען,
ס'פייפט און ברומט דער ווינד,—
פון סיביריען שיקט דיין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד.

נאָר דער ווינד, ער ברענגט אונז גרוסען,
פון דעם קאַלטען לאַנד;
דאָרטען שטעהט ער. אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנד.

און ער גראָבט אַלץ טיעפער, טיעפער,
וואַרפט די ערד אַרוים,
נישט געזאָרגט דאָך! פאַר'ן שקר
גראָבט ער קברים אוים.

נישט דער ערשטער, נישט דער לעצטער,
פאַלט ער אויפ'ן פעלד.
זאָרג נישט, קינד מיינס, דיך געבאָהרען
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסען,
שלאָף=זשע, שלאָף אַ צינד;
זאָמעל כחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמעל, איינציג קינד.



ש. אַנ—סקי.

# סלושאַ—איי!!

(פון גאַליץ-מילער).

ווי שוואַרצע מחשבות ביים מסור אין זינען,
  איז פינסטער פון טיעף-הע־בסט די נאַכט,
נאָך שוואַרצער פאַר איהר איז די תפיסה, דער בנין,
  וואָס שטעהט ווי אַ דמיון פערטראַכט.

עס געהען אום רונד און אַרום איהר די וועכטער
  און ס'ציהט זיך דער לאַנגזאַמער שריי,
ווי עמיצער שרייט אונטער מעסער ביים שעכטער:
  סלו-שאַ-איי! סלו-שאַ-איי!!

חאָטש הויך איז די וואַנד אַרום פינסטערן מויער,
  די שלעסער — געגאָסענע שטאָהל,
חאָטש אַלץ איז פערזונקען אין אומעט און טרויער,
  מען הערט נישט קיין מענשליכען קול. —
און דאָך איז די תפיסה נאָך ווייט נישט געשטאָרבען,
  דו, וועכטער, פערדרעמעל נישט זיי,
נישט גלויב, אז אין תפיסה שלאָפט רוהיג אַ קרבן!
  סלו-שאַ-איי! סלו-שאַ-איי!!

אָט שטעהט דער פערהאַפטער ביים פענסטער דעם הויכען,
  די קאָפּ ביי דעם גריל, שטאַרק פערטראַכט.
די ברענענדע אויגען פון פנים דעם בלייכען
  פערזונקען אין חושך פון נאַכט.
ס'איז שטיל... נאָר עס שרייט וועץ נישט ווען אויס אַ שפּאַרבער,
  צי ס'הערט זיך אַ הונד'ס בילעריי
און ס'ציהט זיך דער נגון, דער טרויעריג-האַרבער:
  סלו-שאַ-איי! סלו-שאַ-איי!!

„נישט טעג און חדשים, נאָר יאָהרען און יאָהרען
  „זיץ איך דאָ אין תפיסה פערשמידט!
„מיין האַרץ איז אָהן פרייהייט צעוועהטיגט געוואָרען...
  „ניין! ליידען מעהר קען איך שוין ניט!

„אט דארט, הינטער וואנד, איז די הייליגע פרייהייט,
„און דא — נאר א שפיז אדער בליי!
„א, פינסטערע נאכט, דו בעוויז מיר דיין טרייהייט!!״
סלו-שא-איי! סלו-שא-איי!!

א שפרונג און א פאל... גיכע טריט... א גערודער...
א קנאק און א בליאסק און א שאס!...
א מענש האט פערגאסען די בלוט פון זיין ברודער
און פרעגט איהם, און פרעגט איהם „פארוואס!״
עס הערט זיך דעם שטארבענדענס לעצטע יללה:
„א! פרייהייט!... א! לעבען!... פארביי!...״
עס ענטפערט אויף דעם נאר א שימפף און א קללה...
סלו-שא-איי!! סלו-שא-איי!!

עס האט דורך דעם וואלקען די בלייכע לבנה
געגעבען פון הימעל א בליק,
און ווי א פערצאגטע פערוויינטע אלמנה
בעהאלטען דעם פנים צוריק.
און ווידער איז תפיסה איז אלץ ווי געשטארבען,
און ס'יאמערט דער קול אויף דאס ניי:
ווי עמיצער קלאגט אויף דעם קבר פון קרבן:
סלו-שא-איי!! סלו-שא-איי!!



מ. ווארשאווסקי.

# א בריעף פון אמעריקא.

טייערע מאמע, טייערע מוטער,
דו מיין טייער בשר הארץ,
צי ווייסטו, ווי איך ווין אזוי ביטער
און ווי גרוים איז דא מיין שמארץ?

אוי, וואס וואלט איך ניט געגעבען,
איך זאל טהאן אויף דיר א בליק,
כ'וואלט פאר דיר געשטרעקט דאס לעבען,
איך זאל קומען צו דיר צוריק.

נאר ס'איז ניט די דאָזיגע יאָהרען,
וואָס מען קען טהאָן אַלעסדינג:
מאַמע, איך קען צו דיר ניט פאָהרען,
שרייבען איז מיר דאָס ניט גרינג.

לאָה'ניו לאָזט ניט, זי האָט מורא,
פאַר דעם פריזיוו ציטערט זי,
און מיין פיצעל קינד, מיין דבורה,
האַלט מיך מיט די הענדטלעך צו.

אַז איך זעה זי, ווערט מיר גרינגער,
דו זאָלסט הערען, ווי זי רעדט!
ווי זי ווייזט אונז מיט דעם פינגער
אויף דער באָבעניוס פאָרטרעט.

און מיין שענער יונג, מיין סאַני
אַרבייט, גאָלדענע האָט ער הענד!
משה'ל זאָגט שוין מודה-אַני,
רחל'ען וואָלסטו ניט דערקענט.

דו דערמאָהנסט דאָך זי מסתמא
און דו בענשט זיי אודאי דאָרט.
זיי גערוסען דיך, טייערע מאַמע,
זיי געזונד!... נאָר נאָך איין וואָרט:

אַז דו וועסט אויפ'ן בית-עולם קלאָגען,
יאָהרצייט האָבען מיר ערב שבועות —
זאָלסטו דאָרט דעם טאַטען זאָגען,
אַז איך שיק איהם אָב אַ גרוס...

טייערע מאַמע, טייערע מוטער,
דו מיין טייער כשר הארץ,
צי ווייסטו, ווי איך וויין אַזוי ביטער
און ווי גרויס איז דאָ מיין שמאַרץ?

# אלף=בית.

אויפ'ן פריפעטשיק ברענט א פייערל
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לערנט קליינע קינדערלעך
דעם אלף=בית.

זעהט=זשע, קינדערלעך, געדענקט=זשע, טייערע,
וואס איהר לערנט דא;
זאגט=זשע נאכאמאל און טאקע נאכאמאל:
קמץ אלף — אָ!

לערנט, קינדער, מיט גרוים חשק,
אזוי זאג איך איך אן.
ווער ס'וועט גיכער פון איך קענען עברי,
דער בעקומט א פאן.

זעהט-זשע, קינדערלעך, א. או. וו.

לערנט, קינדער, האט קיין מורא,
יעדער אנהויב איז שווער,
גליקליך דער, וואס האט געלערנט תורה,
צו דארף דער מענש נאך מעהר?

זעהט-זשע, קינדערלעך, א. או. וו.

איהר וועט, קינדער, עלטער ווערען,
וועט איהר אליין פערשטעהן,
וויפיעל אין די אותיות ליגען טרעהרען
און וויפיעל געוויין...

זעהט-זשע, קינדערלעך, א. או. וו.

אז איהר וועט, קינדער, דעם גלות שלעפען,
אויסגעמוטשעט זיין,
זאלט איהר פון די אותיות כח שעפען,
קוקט אין זיי אריין!

זעהט-זשע, קינדערלעך, א. או. וו.

גּעזאַנג.

אויפ'ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז היים,
אַזוי לערנט מען מיט קליינע קינדערלעך
דעם אלף־בית.



ד. עדעלשטאַדט.

# דער אָווענד־גלאָק.

(פרייַ נאָך נאַדסאָן).

אַך, מוזע, רוף מיך ניט, מיט דייַנע צויבער־פינגער,
וועק ניט די סטרונעס פון מייַן קראַנקען האַרץ!
פער'מ...ט איז צום טויט דייַן בלאַסער זינגער,
צו ענדע איז דאָס ליעד פון קאַמפף און שמאַרץ.

זייַן וועג איז זעהר שווער, ער האָט אויף איהם בעגעגענט
דערנער, שטיינער, פערלייַמדונג, הונגער, נויט און קעלט —
עס האָט געבליצט, געדונערט און גערעגענט
און ער האָט אַבדאַכלאָז געוואַנדערט אויף דער וועלט.

יעצט קלאַפּט דער טויט אין זייַן לעבענס־קאַמער.
ער זאָגט: צו ענדע איז דייַן אַרבייטס־טאָג,
פערלעש דייַן פייַער, לעג אַוועק דייַן האַמער,
קום, דו הערסט?... עס קלינגט דער אָווענד־גלאָק.

עס קלינגט דער אָווענד־גלאָק, יאָ, איך הער איהם קלינגען —!
מייַן טויט־אורטייל הער איך אין זייַן קלאַנג,
און לעבען ווילט זיך... עס ווילט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפפען געגען יעדען שקלאַפען־צוואַנג...

איך וואָלט געוואָלט, אַך, פאָלק, דייַן רויטען זעגעל
נאָך מאַלען רויטער מיט מייַן האַרצענס־בלוט...
און ווי אַ לייב מיט זייַנע שאַרפע נעגעל
דייַן פייַנד בעקעמפפען מיט שטאָלצען העלדען־מוטה.

דאָך, וואָס נוצען די היילינסטע פערלאַנגען?
צו ענדע איז מייַן לעבענס שטורם־טאָג! —
צו ענדע — טרוימען, טרעהרען און געזאַנגען,
ער רופט, דער טויט, עס שלאָגט דער אָווענד־גלאָק.



ש. פרוג.

# דאָס יודישע קינד.

טיעף בעגראָבען אין דער פינסטער
ווייט פון לופט און ליכט —
זעהסטו דאָרט דעם בלינדען וואָרעם,
ווי ער קריכט?

אין דער ערד איז ער געבוירען,
און בעשערט
איז איהם אייביג, אייביג קריכען
אין דער ערד...

ווי א וואָרעם אין דער-פינסטער
שווער און שטום און בלינד
לעבסטו אָב די קינדהייטס-יאָהרען,
יודיש קינד!

אויף דיין וויעגעל זינגט די מאמע
ניט קיין ליעד
פון א רוהיג-שטילען לעבען,
פרייהייט, פריעד.

פון די גערטנער, פון די פעלדער,
וואו דאָס פרישע קינד,
שפיעלט און פרעהט זיך פריי און לוסטיג
ווי דער ווינד.

ניין, א קוואל פון טיעפען יאָמער,
רוישט און קלינגט...
אוי, ווי ביטער איז דאָס ליעדעל,
וואָס זי זינגט!

טיעפין זיפצען, הייסע טרעהרען,
מיט א שטאַרקע מאַכט,
קלינגען, רוישען אין דעם ליעדעל
טאָג און נאַכט.

טיעפע זיפצען, הייסע טרעהרען,
הונגער, קעלט
שלעפען זיך מיט דיר צוזאמען
אויף דער וועלט.

און פון וויעגעל ביז צום קבר,
אויף דעם לאנגען וועג,
וואקסען גאנצע וועלדער צרות,
אהן א ברעג...

# ריין און ליכטיג איז דער הימעל.

ריין און ליכטיג איז דער הימעל,
פריש און פריילעך וועהט דער ווינט...
— „זינג מיר, זינג א זומער-ליעדעל!" —
בעט דאס שוואכע, בלייכע קינד.

— „קום מיט מיר זיין מאל, אין גארטען,
פליקט א קרענצעלע מיר אויס,
פון די בלומען, וועלכע וואקסען
דארט און בליהען שעהן און גרויס...

אך, מיין קינד! דו זעהסט? — צובראכען
הענגט מיין הארפע אויף דער וואנד;
אבגעוועהנט שוין לאנג פון שפיעלען
איז מיין שוואכע, קראנקע האנד.

אבגעוועהנט פון זיסע פריידען,
איז שוין לאנג מיין קראנקעס הארץ.
זומער, ווינטער, הערבסט און פריהלינג
בלייבט אין איהם דער אלטער שמארץ.

# פריהלינגס-ליעדער.

דאס טייבעלע וואָרקעט,
דאס טייבעלע רופט:
„שטעהט-אויף, קינדער! ליבע
און פריש איז די לופט!"

עס ציִרען זיך, ציִהען  
פֿון הימעל און פֿאַלען,  
זוי גאָלדענע פֿעדים,  
די וואַרימע שטראַהלען.

דאָס בּיִהנעלע זשומעט  
און זויגט אָהן אַ מאָס  
די זאַפֿט פֿון די רויזען,  
די מוי פֿון דעם גראָז.

עס בּליִהען די גערטנער,  
עס גלענצען די בּלומען,  
צו אונז איז דער זומער,  
דער זומער געקומען...

„שטעהט-אויף, קינדער, ליכטיג  
און פֿריש איז די לופֿט"...  
דאָס טײַבּעלע וואָרקעט,  
דאָס טײַבּעלע רופֿט.

דאָס טײַבּעלע וואָרקעט,  
דאָס טײַבּעלע רופֿט:  
שטעהט-אויף, קינדער,—ליכטיג  
און פֿריש איז די לופֿט.

עס בּליִהען די בּוימער,  
עס שפּראָצען די בּלומען,  
צו אונז איז דער פֿריִהלינג,  
דער פֿריִהלינג געקומען.

די פֿויגעלעך זינגען  
אין וואַלד און אין טאָל;  
עס הערען זיך ליעדער  
אַרום זהן אַ צאָהל.

די פֿישעלעך שווימען  
אַרויף אויף די וועלען —  
זיי טאַנצען אין וואַסער,  
זיי שפּרינגען און קוועלען...

עס שפּראָצען די בלומען,
און פריש איז די לופט...
דאָס טייבעלע וואָרקעט,
דאָס טייבעלע רופט...



י. ל. פּרץ.

# ירמיהו׳ס בריעף.

(אגרת ירמיהו — כתובים אחרונים).

און אין בבל וועט איהר וואוינען,
צווישען פרעמדע פעלקער לעבען,
דאָרט, וואו גאָט האָט אייך פערטריבען,
ביז עס קומט די צייט!

דאָרט אין בבל וועט איהר וואוינען,
צווישען פרעמדע פעלקער לעבען
און וועט פרעמדע זיטען זעהען —
פרעמדען גלויבען, פרעמדע געטער,
שרעקט אייך נישט פאַר זיי!

דאָרט אין בבל וועט איהר זעהען,
אויף די אַקסעל געטער טראָגען,
שען געשניצטע, פיין געקליידטע —
גאָלד און זילבער-געצען!

זיי פון פאָרענט לויפט אַן׳עולם,
הינטען לויפט זיי נאָך אַ מענגע!
אַלטע, יונגע, מענער, פרויען —
שווייגען מוזט איהר — נור אין הארצען
לאַכט אייך אויס פון זיי!

זעהט, די צונגען ביי די געצען
האָט אַ מייסטער אויסגעשלאָגען,
אויסגעשניצט און אויסגעקינצעלט
פון דעם ריינסטען גאָלד!

נאָר פֿערגעכ'ן האָט דער מײַסטער,
אויסצולערנען די געשמידטע
צינגען חאָטש אַ וואָרט!

און געשמאַק האָט אויך דער מײַסטער!
אויסגעפּוצט האָט ער די געטער,
ווי אַ כּלה צו דער חופּה —
קרוינען אויף די קעפּ!

דאָך פֿערגעסען האָט דער מײַסטער
אין די קעפּ אַרײַנצושלאָגען
שכל, חאָטש אַ פֿונק!

גאָלד און זילבער האָט דאָס געטעל;
עס בעשטעהלט איהם דאָך דער פּריסטער
און פֿערשווענדט זײַן גאָט'ס פֿערמעגען,
זײַנע קלײדער אין די הײַזער,
וואו ער דאַרף נישט זײַן!

און וואָס העלפֿען זײ די קלײדער,
גאָלד-און זילבער-פֿײַן-געשטיקטע,
אַז זײ קענען זיך נישט וועהרען
פֿאַר דער קלענסטער מילב!

אַז מען טהוט זײ אָן, די קלײדער,
נעהמט אַ פֿעדערווישׁ דער פּריסטער,
רײניגט אויס דאָס געטער-פּנים,
ווישט זײ אָב די נאָז!

שטאָלץ שטעהט מאַנכער, ווי אַ ריכטער,
אין דער האַנד אַ בינטעל ריטער,
מעגסט דאָך שפּײַען איהם אין פּנים —
שמײַסען קען ער נישט!

אַי, נאָך שטרענגער איז דער צווײטער:
אין דער האַנד אַ שווערד אַ שאַרפֿען
צו אַ שווערע האַק!

לײדער, קען ער זיך נישט שיצען
פֿאַר אַ גנבֿ, איבערשרעקען
אויף דער וואַנד אַ פֿליעג!

אַז זיי זיצען אין די טעמפּעל
און די געצענדיענער קומען,
און זיי בוקען זיך און קניען,
ווערט דערפון אַ שטויב;

שטעטער פאַלט דער שטויב אַרונטער
און פערשוואַרצט דאָס געטער־פּנים,
און פערבלענדט די געטער־אויגען,
און בעשמוצט די קרוין.

פאַר גנבים מוז דער טעמפּעל
זיין פערמאַכט אויף שלאָס און ריגעל;
נישט די געטער שיצען מענשען,
מענשען שיצען זיי!

אַט עס קומט די נאַכט און פּריסטער
צינדען ליכטער פאַר די געצען;
העל־בעלייכטע געטער שיינען,
דאָך נאָר גאָלד און זילבער גלאַנצען —
נישט דער בלינדער גאָט!

און עס הויבען פון דער ערד זיך
אויף די ווערמלעך און זיי קריכען
אויף די קליידער פון די געטער,
פון די קליידער אויף די לייבער,
און זיי שטעהען אונבעהאָלפען
קעגען קליינע ווערם.

און עס פליהען דורך די פענסטער
פלעדער־מייז אַריין אין טעמפּעל,
און ווי פראַנק און פריי זיי פליהען,
פון איין געטער־קאָפּ צום צווייטען,
ס'יאָגט זיי נישט אַוועק!

און די זון זעהט יעדען מאָרגען
פלעדער־מייז־פערשמוצטע געטער,
און זי זעהט אויך, ווי עס קומען
און עס וואַשען זיי די פּריסטער,
און זיי פוצען, און זיי שוויצען,
ביז דער גאָט ווערט ריין!

## II.

טייער זענען דאך די געצען,
ווייל עס שטעקט אין זיי פערמעגען:
זילבער, גאלד און מייסטער-ארבייט —
נאר קיין לעבען נישט!

מאכט א קריעג זיך, פרעמדע פעלקער
ווילען ס'גאנצע לאנד בעצווינגען:
ווער שיצען זיי די געטער?
ווער געבען הילף?

ניין! עס חאפען זיי די פריסטער
און אנטלויפען, און בעהאלטען
זיך צוזאמען מיט די געצען
ערגיץ אין א היל!

און עס ברענט ארוים א פייער
אין'ם טעמפעל, ווי די פריסטער
רעכענען איילינג זיך דאס לעבען,
און די געצען ברענען.

ווי א מענש פון שטרוי קען היטען
פאר גנבים פעלד און שייער,
אזוי שיצען אויך די געצען
פעלקער, לענדער, שטעדט!

אוי די געטער! חאטש זיי זענען
פון דעם ריינסטען גאלד געגאסען,
מיט די קלייזער און די קרוינען —
אוי! די געטער, חאטש עס קניען

פאר זיי מאסען און געגנעהנען
זיי קרבנות — אוי, די געטער
איז קיין קלענסטער ווערים מקנא,
ווייל זיי לעבען נישט!

ווי פאר טויטע שטעלט מען פאר זיי
עסען, טרינקען, פעטע פליישען;
דאס בע'גנב'ענען די פריסטער,

און פערקויפען, און די ווייבער —
זיי פערזאלצען און בעהאלטען
אויף א שלעכטען טאג! —

# דריי נייהטאָרין.

די אויגען רויט, די ליפען בלוי,
קיין טראָפען בלוט אין באק נישט דאָ,
דער שטערן בלאס, בעדעקט מיט שווייס,
דער אָטעם אָבגעהאַקט און הייס —
עס זיצען דריי מיידלעך און נייהען!

. . . . . . . . . . . . .

די נאָדעל — בלאנק, די ליינוואַנד — שניי,
און איינע טראַכט איך נייה און נייה!
איך נייה ביי טאָג, איך נייה ביינאכט,
קיין חופה קלייד זיך נישט געמאכט!
וואָס קומט ארויס איך נייה?

ניט איך שלאָף, און ניט איך עס...
איך וואָלט געגעג׳ן אויף מאיר בעל-נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיהט:
אַנ׳אַלמן האָטש, אַנ׳אַלטען יוד,
מיט קינדערלעך א שאָק!

. . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט, איך נייה און שטעפ,
און שטעפ מיר אויס גנ״ר גרויע צעפ!
דער קאָפ—דער ברענט, די שלייף — די האַקט
און די מאַשין — קלאַפט צו צום טאַקט:
— טאַ-טאַ, טאַ-טאַ, טאַ-טאַ!

איך פערשטעה דאָך יענעמ׳ס ווינק?
אָהן א חופה, אָהן א רינג,
וואָלט געווען א שפּיעל, א טאַנץ,
א ליעבע אויף — א יאָהר א גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּײַט מיט בלוט און זינגט:
איך נײיה מיך קראנק, איך נײיה מיך בלינד!
עס צוויקט די ברוסט בײַ יעדען שטאָך —
און ער האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קײן שלעכטס!

עט, פערגעסען וואס אמאָל...!
תכריכים וועט מיר געבען קהל,
אויך אַ קלײנטשיק פּיצעל ערד,
איך וועל רוהען אונגעשטערט,
איך וועל שלאָפען, שלאָפען!



האָסט געציעלט און האָסט געטראָפען,
און—דו שמײכעלסט פערגעניעגט!
האָסט געציעלט און האָסט געטראָפען,
מיר איז דאָס הארץ מיט בלוט פערלאָפען —
האָסט געזיעגט!

און פײַן ווי גאָלד איז דײַן פערשטאנד!
און קלאָר דײַן אויג, און פעסט דײַן האנד!
און שארף די שפּיז!
אָהן אַ ציטער! כ'זאָגט דיר אָפען
האָסט געזיעגט, דו האָסט געטראָפען —
און — איך ליעג בײַ דײַנע פיס!



ד. פרישמאַן.

# די פישער.

(שאָטיש מאָטיוו.)

דרײַ פישער פאָהרען צום פישען ארויס,
אין נעבעל, אין גרויען, גאָר ווײַט אויפ'ן מעער.
זײַ טראַכטען פון ווײַב און פון קינד און פון הויז,

פון אויגען, וואָס קוקען זיי נאָך ביז אַהער —:
די אַרבייט דעם מאַן, די טרערען דער פרוי,
און שווער זענען זאָרגען און לעבען איז גרוי —
און פינסטער שטורמט דאָס מעער.

דריי פרויען בליקען אַרויס פונ׳ם טורם
אויפ׳ן ברעג, אינ׳ם נעבעל, דאָס ליכט איז גאָר קליין.
זיי בליקען אין ווינד, זיי בליקען אין שטורם.
אָט שווימען שוין ברעטער — צובראָכען — אַליין —
די אַרבייט דעם מאַן, די טרערען דער פרוי,
און פאַלש איז די חוואַליע און וואַסער איז רויה —
און שטורמיש שוימט דאָס מעער.

דריי טויטע ליגען גאָר שטיל אויפ׳ן זאַמד;
די מאָרגענזון פונקעלט, דער ווינד איז אַוועק.
עס בליקען דריי פרויען אַהין אויפ׳ן זאַמד,
און בליקען און בליקען אַהן אויפ׳הער, אָהן עק: —
די טרערען דער פרוי, די אַרבייט דעם מאַן,
און קורץ איז דאָס לעבען, אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן —
און ליכטיג גלאַנצט דאָס מעער.

---

# די נאַכט איז שטיל.

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז בלוי,
מיר ביידע געהען צוזאַמע;
עס שלאָפען שטיל די גאַסען שוין,
נאָר שטילע שטערען פלימען.

און בלוי די נאַכט, און שטיל די נאַכט,
די שאָטענס טוען זיך יאָגען!
איך הער דעם ווידערקול ביים געהן
דיין האַרץ, איך הער עס שלאָגען.

זיי רוהיג, קינד, לאָז רוהיג זיין
דיין אויפגערעגט געוויסען!
דער טאַטע שלאָפט, די מאַ־מע שלאָפט —
און וועלען גאָרנישט וויסען.

מיר געהען שטיל! מיר זעהען נאָר,
דער דין געהט דער אַלטער;
ער געהט גאָר מיעד, און אין דער האַנד
אַ שווערען ספר האַלט ער.

דער אַלטער איז אַ גוטער מענש
און וועט אונז נישט פער'מסר'ן —
אַ רוהיג, קינד, און האָרך, ווי שען
עס רוישען שטיל די וואַסערן.

דער אַלטער געהט אין שוהל אַריין,
ביינאַכט לערנט ער דאָרט תורה,
אין אונזער סוד נעהמט ער מיט זיך,
אַך, קינד וואָס האָסטו מורא?

און אונזער סוד בעגראָבט ער דאָרט
אַריין אין זייַנע ספרים —
זיי זענען פאַר אַזעלכען סוד
נאָר הייליג-שטילע קברים.

און פון די שטילע ספרים וועט
דער סוד צום הימעל פליהען,
און פאַר די פיס פון'ם גוטען גאָט
וועט ער זיך פאַר אונז מיהען.



אַליין בין איך געזעסען ביי דעם וואַסער
ביים גרויסען ים. דער טאָג לעגט זיך שוין שלאָפען;
און בלאָס ווערט שוין דאָס ליכט, און אַלץ נאָך בלאָסער
און בלוי די לופט פון דרום ביז קיין צפון.

פון מזרח ביז קיין מערב, ווי פאַמעליך
איצט ציטערט אויף דעם וואַסער גאָט'ס נשמה!
און ווי זי ציטערט, שטיל און הייליג ציטערט אויך
איהר אָטעמעל, ווי אַ הייליגע נשמה.

און שטילע ליעדער, ווי פער'חלום'טע, זינגען
די וועלען שלעפריג פאַר דעם שלאָפען גאָט
און ווייסע שטיקער שוים נאָר שפּרינגען, דרינגען
צום ברעג אַהער און פלאַטערן און פאַרגייען.

הער, אין געמויזעלטס רוישען זים די שטילע
און וואונדערליכע סודות! גיך און גיכער
וועבט איצט און שפינט די נאכט די שווארצע הילע,
און דריקט זי ווייך און דריקט זי גוט און זיכער.

אראב דארט איוף די גלאטע בלוי-לאקען
פון גרויסען ים. — מעהר הערט זיך גאר ניט ריהרען
און היילינג שטיל, און ווי אויף זייד'ינע זאקען,
הערט זיך גאט'ס גייסט אליין נאר איצט שפאצירען —

און מיך האט אנגעחאפט א הייס פערלאנגען,
א ווילד פערלאנגען פלוצלונג טיעף אין הארצען
צו דיר, צו דיר, מיין קינד! און ווי מיט צוואנגען
האט'ס מיך צו דיר געצויגען דורך דעם שווארצען

און שטילען טויט, צו דיר, צו דיר, מיין לעבען!
צו קליין בין איך אליין דא צו געניסען
דאס גאנצע גליק, וואס איז מיר דא געגעבען,
דאס גאנצע גליק, וואס טהוט ארום מיר פליעסען —

און איך בין עלענד, עלענד, זעהר ארים!
און וויסט די ערד און וויסט דער הימעל אויבען
און מזרח, מערב וויסט, און צפון, דרום —
און הויך האב איך צו וויינען אנגעהויבען.



## מ. ראזענפעלד.

# נְקָמָה.

ווען איך לייד און הער איך שווייגען,
גלויב איך נאך אמאל: פילייכט
פיהלט איהר מיט און קענט ניט העלפען,
ווערט מיין טריבער בליק נאר פייכט.

אבער ווען איך לייד און הער נאך,
ווי איהר טענה'ט מיט א שפאט
פון מיין וועהטאג, פון מיין עלענד,
דאן מיין הארץ נאר פיהלסטו, גאט!

דאן, אָ, וואָלט איך וועלען חאַפּען
דיזע וועלט מיט מיינע הענד
און צוטרייסלען איהר, ווי שמשון
האָט צוטרייסעלט יענע ווענד.

לייד איך איינער, ליידט איהר אַלע,
וואָס מיט מיר, אָט דאָס מיט אייך!
קענען אַלע גלייך ניט לעבען, —
שטאַרבען קענען אַלע גלייך!

---

## דער אָדלער.

וואו די ריזען־וואָלקען יאָגען,
אויבען, אין דעם העכסטען אָרט,
שוועבט דער קייזער פון די פייגעל,
פליהט דער גרויסער אָדלער דאָרט.

מיט די שטאַרקע פליגעל פאָכט ער
אין דער לופטען און ער פליהט.
עלענדער, אַחוץ די הימלען
האָט ער קיין חברים ניט.

ווערט ער מיעד פון שווערע רייזען,
רוהט ער איינזאַם און אַליין
ביי דעם זוים פון טיעפע וואַסערס,
אויף אַ הויכען בערג פון שטיין.

מיט פערראַכטונג קוקט ער אונטען,
שאָקלענדיג זיין שטאָלצען קאָפּ,
אָפט נאָר, ווען איהם צווינגט דער הונגער,
לאָזט ער זיך מיט ווער אַראָב.

---

## שוין באַלד.

פערגאַנגען איז די שענע צייט
פון גליק און הויכען שטרעבען.
איך בין אַריינגעריטען וויַיט
אין וויסטעניש פון לעבען.

גאָר דערנער זעה איך אָהן אַ צאָל,
קײן שפּור פון יענע בלומען,
וואָס זײער ריח האָט אַמאָל
מײן יונגע האַרץ צונומען.

סכנות, וואו עס פיהרט דער וועג!
ווײס גאָט, וואו ס'וועט מיך ברענגען!
וואו בינטו, זיסער רויזענשטעג,
וואו איך פלעג געהן און זינגען?

איך רײט איצט טרויעריג אַלײן,
געיאָגט ווי פון אַ כשוף.
אָ, וואו פאָרט בלײב איך ענדליך שטעהן?
ווען קום איך צו אַ ישוב?

נאָר חיות יאָגען אָהן אַ שיעור
אָט וואו איך זאָל זיך ריהרען!
מײן פערד, עס ברעכט אַזש אונטער מיר
פאַר שרעקענער גאַלאָפּירען...

אָ, מידעס פערד, באַלד שטײג איך אָב.
ניט זעהר לאַנג זיך מיהסטו.
ניט לאָז דיך אָב, נאָך אײן גאַלאָפּ
און ס'ענדיגט זיך די וויסטע...

---

## דער געווינשטער טאָג.

דער הימעל גרויט, דער מאָרגען שפּאַנט,
די שוואַרצע שאָטענס ווײכען,
די טראָפּענס טהוי צוריגען,
דער העלער טאָג איז נאָהנט,
דער טאָג איז נאָהנט.

דער פויגעל וועקט: די זון געהט אויף.
דעם פּאַסטוכ'ס דודקע הערט זיך,
די זיסע סטאַדע ריהרט זיך,
דער העלער טאָג איז רײך,
דער טאָג איז רײך.

דזים פעלד איז גרין, דער טייך איז קלאר,
די פעטע לאנקעס ווינקען,
די גרינע בוימער רוישען.
דער העלער טאג איז שען.
דער טאג איז שען.

א, זיי געגריסט, דו ליבער טאג!
דו זיסער טאג, דו שענער!
דו לאנג, א, לאנג בעגעהרטער,
א, לאנג געווינשטער טאג,
געווינשטער טאג.

# זכרונות.

פאר דעם ציימעל נעהם מיך, מאטקע!
איך וועל זיין דאס פערד.
נעהם דעם שטריקעל פאר א לייץ, דעם
שטעקעל פאר א שווערד!
מארש אהין אויף יענע בערגלעך,
אין דער פרייער לופט,
איצקע ווארט שוין מיט די באנדע, —
הערסטו ווי ער רופט?
זעהסט איהם אויפ'ן שפיץ פון בערגעל,
דארטען, פאזע טייך!
אך, איהר זיסע קינדער-יאהרען —
ווייט בין איך פון אייך.

קינדער, ניט פערגעסט די פייפלעך,
וואס איהר האט געמאכט! —
פרעגט נאר בערקען, האט ער אלע
צווייגלעך שוין געבראכט? —
מאכט זיך גרייט צו לויפען, קינדער,
גיכער, נו, גאלאפ!
ווייטער, ווייטער געהט עס שנעלער,
פלינקער בארג אראפ,

קומט צום וואסער־מיהל, אט דארטען
לויפט דער קלארער טייך —
אך, איהר זיסע קינדער־יאהרען,
וויים בין איך פון אייך.

היט זיך, ניט צוברעכט די קריגלעך!
רוהיג, מאכט קיין גוואלד!
ווייסט איהר וואו די יאגדעס וואקסען,
אין דעם טיעפען וואלד?
קינדער, נעהמט זיך פאר די פאלעס!
יודקע, געה פאראוים! —
דא איז לייכט צו בלאנדזשען, קינדער,
אונזער וואלד איז גרוים.
צום יאגאדניק — ניט פערליערט זיך,
קומט־זשע אלע גלייך,
אך, איהר זיסע קינדער־יאהרען,
וויים בין איך פון אייך.

זיסע, שענע, ליעבע קינדהייט,
וויים ביזטו פון מיר!
מיין נשמה, מיין פאנטאזיע
טרוימט נאר וועגען דיר.
ווי א שאטען ביזטו, קינדהייט,
ווי א רויך, וואס פליהט,
ווי א בליץ געשווינד אנטלויפסטו
און מען זעהט דיך ניט.
שוועבסט נאר אום אין מיין זכרון,
ווי א זיסער טרוים,
איך דערמאהן זיך און מיר ווײנט זיך,
און מיר גלויבט זיך קוים.

---

אונטער יענע גרינע בוימלעך,
קום, כ'וועל קרוין מיט מיר!
דארטען עפענט זיך מיין זעלע
גאנץ און גאר פאר דיר,

דאָרטען לייענסטו די סודות
פון מיין גרויסען שמערץ,
דו דערזעהסט דאָרט יענעם פייער,
וואָס פערצעהרט מיין הערץ.
דאָרט געשטעה איך דיר דעם אמת
און איך וויל צוגלייך...
אך, איהר זיסע יוגענד־יאָהרען,
ווייט בין איך פון אייך!

זעהסטו ווי די טענצער שוועבען?
הייליגע מוזיק —
דאָ ווערט אונזער זעלע' ברייטער,
דאָ נאָר וואוינט דאָס גליק...
צויבערטענער — ווי זיי קלינגען!
גיכער אין דער מיט!
איינס, צוויי דריי, נו, שנעל, געליעבטע,
הויב די ענגעל־טריט!
איצטער פיהל איך, אז דאָס לעבען
איז קיין „דומער שטרייך”...
אך, איהר זיסע יוגענד־יאָהרען,
ווייט בין איך פון אייך!

שפיעל א ווײַלע לענגער, כלי־זמר,
זאָג, וואָס איז די איל?
איך בין איצט אין מיטען טאַנצען...
שפיעל נאָך, שפיעל א וויל!
זעהסטו, ווי די ליעבסטע מיינע
שיינט אין בלומען־קראַנץ?
זעהסט, ווי וואונדער־שען מיר שוועבען
אין דעם צויבער־טאַנץ?
שנעל, געליעבטע! עס פערשטומען
אלע סטרונעס גלייך!...
אך, איהר זיסע יוגענד־יאָהרען,
זאָגט, וואָס איז מיט אייך?

חנ׳עוודיגע, יוגענד מיינע,
חשוב׳דיגער שטראַם!

אך, ווי האסטו אויסגעטרוקענט!
כ'זעה פאר זיך דעם תהום!...
וואו איז די געליעבטע מיינע?
וואו דער בלומען־קראנץ?
וואו איז יענער זיסער כלי־זמר?
וואו דער צויבער־טאנץ?
יענע זיסע בילדער אלע,
זעה איך זיי א מאל?

זאגט, אויף וועלכען בארג זיי בלאנדזשען!
זאגט, אויף וועלכען טהאל!
איז ניט מעגליך דאטש פון ווייטען
דארט צו טהאן א בליק!
נאר א בליק אויף יענע צייטען,
יענעם שענעם גליק?
נאריש, נאריש, זעהר נאריש!
וואס די צייט פערטראגט,
קען דער מענש ניט מעהר דערגרייכען,
איבריג וואס ער יאגט!...

## די וואונדער־שיף.

שוין די לעצטע זונענשטראהלען
שאיינען אויף די שפיצען בוימער,
און די גרויסע אווענדשאטענס
וועבען זיך ארום דער ערד.

אויף דעם שפיץ פון יענע בערגער
איז נאך פון דערווייטענס מעגליך
צו דערקענען רויטע שפורען,
פון דער זוהן די לעצטע טריט.

לאנגע בלוטיג־רויטע פאסען
הענגען דארט אין מערב־ווינקעל,
טונקען אב די הייסע ברעגען
אין דעם קאלטען אקעאן.

ס׳קײַקעלט זיך דאָס גלאַטע וואַסער
דורך די דונק׳לע אָוועגדשלײַערס,
וועלכע ציטערן פון אויבען
אויף׳ן בוזים פון דעם ים.

רוהיג בלאָזט אַ לינדער ווינדטעל
דורך די דראַבנע שטילע וועלען,
וועלכע שעפטשען, מורמלען עפּעס,
ווער פערשטעהט די וואַסער-שפּראַך!

אויסגעשפּרײַט די ברײַטע זעגעל
געגען ש..ילען אָווענד הימעל,
אײַלט אַ שיף גאָר אָהן מאַטראָזען
דאָרטען ווײַט—ווער ו..ים איהר, וואו?

נאָר דער רודער ווי מיט כשוף
ער בעוועגט זיך; ווי מיט פליגעל
פליהט די ל..קע, ווי די רוחות
וואָלטען איהר געיאָגט אַהין.

פּוסט די שיף, מען זעהט קײַן מאַנשאַפט;
נאָר אַ קינד, עס שטעהט געבראָכען
נעבען מאַסטב..ים און עס יאָמערט
מיט אַ ביטערן געפיהל.

לאַנגע, גאָלד-געקרויזטע לאָקען
קײַקלען זיך אויף זײַנע שולטער;
זיפצענדיג פון הינטען קוקט ער...
און די שטילע שיף, זי פליהט!

מיט אַ זילבערווײַס..ן טיכעל,
וועלכעס פלאַטערט אין דערלופטען,
גריסט דער שענער מיר פון ווײַטען,
ער געזעגענט זיך מיט מיר!...

און מײַן הארץ פאַנגט אָן צו קלאַפּען,
עפּעס ווײַנט זיך—זאָגט, וואָס איז דאָס?
יענעם שענעם קינד — איך קען עס —
גאָט! מײַן יוגענד פליהט עס דאָרט...

---

# די ערשטע טבילה.

עס ברענט דער פראָסט, עס שנײַדט דער ווינד,
אין באַשע פיהרט און ציהט
דעם פישער'ס טעכטער'ל אַ קינד
אין קאַלטען וואַסער-טבילה.

„ניט שרעק זיך, קינד, נו, מאַך דערפון!
די צײַט האָט אנגעוואונקען:
פערגאַנגען איז דאָך שוין די זון,
דו מעגסט זיך אונטער-טונקען.

„דעם בורא'ס חסדים זענען גרויס,
ניש'קשה, מאַך קיין תנועה!
דו שפּרינגסט אַרײַן, דו שפּרינגסט אַרויס,
און כשר, צו רפואה".

און זעה, עס צוקט דאָס צאַרטע לײַב,
אין ווילדען פראָסט און שטורם,
אָ, ווילסטו זײַן אַ יודעס ווײַב,
געוועהן זיך צו יסורים!

זי שפּרינג אַרײַן, זי שפּרינג אַרויף,
אומזיסט, אומזיסט, נחמה!
ווארט שטעהט און קוקט דער בעל-הגוף —
דו ביזט געבליבען טמא.

און ווידער האָבען זיך געטוקט
מיט שרעק די שענע גלידער;
דאָך פון דערווײַטען שטעהט און קוקט
דער ערל, — טמא ווידער.

אַלץ שטאַרקער ווערט דער פראָסט, ער ברענט!
די מוטער און די שכנה,
זײַ ברעכען די צופראָה'רגנע הענד,
און בלײַכער ווערט די שענע.

„נו, טהו זשע ווי דער דין איז, קינד!
אוועק איז שוין דער רשע

אריין צום דריטען מאָל, געשווינד!
קיין בײז, קיין בײז, ניש׳קשה!"

די בלײַבע װײַלט פון דין ניט אָב
און טהוט ווי ס׳שטעהט געשריבען:
זי איז אריין, זי איז אראָב,
און איז שוין דאָרט פערבליבען...

# פרעמד.

מיר האָט זיך גע׳חלום׳ט: אַבר־מנן בין איך
און שטײַג פון מײַן קבר אַרויס
און וואַנדער אַרום אין דער נאַכט דורכ׳ן שטעדטעל,
און זוך אונזער הויז...

געזיפצט האָט פון הימעל אַ רעגען אַ דינער
און האָט מײַנע בײנער פערקיהלט,
און פריהרענדיג האָב איך אין מײַנע תכריכים
זיך פעסטער געהילט...

דאַן האָב איך דאָס הויז פון מײַן מוטער געפונען,
און האָב אין די טהירען געקלאַפּט:
„אָ, מאַמעניו, עפען! דורך מײַנע תכריכים
דער נאַכט־רעגען זאַפט"...

„אָ, מאַמעניו, עפען! אָ, מאַמעניו, עפען!"
אומזיסט איז געווען מײַן געבעט...
דער נאַכט־ווינד געצופּט האָט די טויט־קלײדער מײַנע
מיט טײַוועל־געשעפּעט...

„אָ, מאַמעניו, עפען! אָ, מאַמעניו, עפען!"
דאָך איך בין געבליבען פערשעמט,
דער ווינד האָט צוריק צום בית־עולם געיאָגט מיך:
„דו ביזט זײַ שוין פרעמד!"



יהואש.

# מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַׁבָּת.

„מזמור שיר ליום השבת!"
ווי עס גיסט זיך דורכ'ן הארצען
אזוי יום־טוב'דיג און פרעהליך,
אין א חאר פון זיסע קלאנגען:
„מזמור שיר ליום השבת!"

„מזמור שיר ליום השבת!"
ס'שטאמט דאס ליעד ניט פון קיין מענשען
נאר מלאכים ווייסע האבען
דאס געזונגען אין גן־עדן,
אין דעם ערשטען הייליגען שבת,
נאך דער גרויסער וועלט־בעשאפונג,
און די זונען און די שטערען,
אלע האבען מיטגעזונגען!
„מזמור שיר ליום השבת".

יא, די זונען און די שטערען
(וועלכע האבען נאך קיין טרעהרען
ניט געזעהן אויף אונזער וועלטעל),
האבען שטראהלענדיג געזונגען
מיט די שניי־ווייסע מלאכים:
„מזמור שיר ליום השבת!"

און די פייגלעך פון גן־עדן,
אינ'ם חאר אריינגעשאסען
האבען א פאנטאן מיט טרעלען,
און געסויסטשעט און געטריליעט:
„מזמור שיר ליום השבת!"

און די בלומען פון גן־עדן
האבען שעמעדיג געוויגט זיך
האבען אויפ'ן פארביג־דופטיג
בלומען־לשון מיטגעזונגען:
„מזמור שיר ליום השבת!"

און די גרויסע ריעזען-בוימער
האבען צוגעלעגט דעם אויער,
איינגעבויגען זיך מיט ערנסט,
און געשארשקעט אין געשושקעט
„מזמור שיר ליום השבת!"

אויף זיין כסא כבוד דאמאלסט,
מיט א געטליך-גוטען שמייכעל,
האט דער בורא מיטגעזונגען:
„מזמור שיר ליום השבת".



ס'דרעמלען ארום אונז פער'חלומ'ט די בוימער,
זיידענע שאטענס דעם וואלד דעקען איין,
איבער דעם וואסער, אין גלאנציגע פאסען
גיסט די לבנה איהר צערטליכען שיין...

ס'שיפט זיך די לאדקע אויף וועלען פון זילבער,
ס'קלאפען די רודערס פאנטאסטיש צום טאקט
פון די טומאנע מחשבות, וואס ליעגען
ערגעץ אין ווינקעל פון מח פערפאקט...

שפיעלענדיג גרייזעלט דער נאכטווינד די גראזען,
ס'וויעגען די ווערבעס פערשלאפען דעם קאפ,
טויזענדער גאלדענע אויגען אין הימעל
פינקלען און שפיגלען אין וואסער זיך אפ...

רייד ניט א ווארט איצטער... האלט אויף א רגע
איין פון התפעלות דאס זיסע געפיהל,
טהו ווי דער הימעל, דער טייך און די ווערבעס—
אינטליכער ח'לומ'ט זיין טרוים אין דער שטיל...

## בארג-געוויטער.

פון יענער זייט די הויכע בערג,
גרייט אן זיך א געוויטער,
עס לויפען עסקאדראנענווייז
די שווארצע וואלקען-ריטער.

עס בליצט ארוים... עס ציהען זיך
די שווערדען פון די שיידען,
עס הילכט א ווילדער ווער-געשריי
פון פעלזען-איינגעווייידען...

שוין פילט די טהאלען רונד ארום
א מורא'דיג געטיכעל,
און אויף מיין פנים ווארעם פאלט
דער ערשטער טריף פון הימעל...

איצט בין איך אויך שוין איינגעזאלצט
און קען זיך היימיש פיהלען
מיט וואלקען און טיטאנען-בערג,
מיט בליץ און דונער-ברילען...

---

## זומער-נאכט-טרוים.

איך האב געדריקט דיך צו מיין ברוסט,
גערופען זיסע נעמען,
איך האב געהאלזט דיך און געקושט,
די אויגען און די ברעמען...
דאך, ליעבסטע מיין, פערציה, פערציה,
איך בין געוועזען דיר ניט טריי —
די גאנצע צייט מיר האט זיך אויסגעדאכט,
אז ס'טוליעט זיך צו מיר די זומער-נאכט...

איהר מאנטעל, בלוי מיט גאלד געפלעקט,
ארונטער איז געפאלען,
איהר קערפער איז געוועז בעדעקט
מיט שיין בלויז און מיט שטראהלען;
די שווארצע לאקען האבען ווילד
ארום איהר ווייסען גוף געשפיעלט,

די שענע אויגען, אויפגעעפענט קוים,
פערנעבעלט האט א הייסער זיסער טרוים...

דאן האבען ארעמס, זילבער-ווייס,
מיך פעסט צו איהר געשלאסען,
און איך האב גאנצע בעלערס-ווייז
דעם הימעלס טראנק געגאסען.
און שכור איז געוועזען מיין זין,
און כ'האב פערגעסען וואו איך בין...
דאך ווען איך האב פון טרוים זיך אויפגעכאפט,
דיין הארץ אויף מיינעם האט געטריי געקלאפט...

---

# דער מאי-ווינד.

## 1.

די הימלען קלאר, די וועלדער גרין —
און ס'פלאטערט פון דאס ניי
דאס ליעב און ליכטיג מעשה'לע
פון יונגען חדש-מאי...
עס שטעהט ביים טייך א מיידעלע,
א גאלדען הארציג קינד;
די זיידען-לאקען קרייזלען זיך
פון פרייען פריהלינג-ווינד.
זי ווארט, זי רופט: „קום, טייערער!
זיס הארץ מיינס, קום צו מיר!
איך גלוסט צו דיר, איך בענק נאך דיר,
איך בליה, איך גליה פאר דיר"...
זי רופט... זי ווארט... אין הארצען וואקסט
א זיסע ליעבעס-וועה...
און פרעהליג יאגט צום ברעג דער ווינד
א זעגעל ווייס, ווי שניי...

## 2.

עס פליהט און רוישט אין ליכט און גלאנץ
די גרויסע צויבערמאכט.

די אַלטע פֿרומע קלויז האָט אויך
אַ פֿענסטער אויפֿגעמאַכט.
בײַם פֿענסטער זיצט אַ בחור׳יל,
אַ בלײַך און מאָגער קינד,
עס קרײַזעלט איהם די פּאות׳ליך
און שפּיעלט מיט זײ דער ווינד.
ער לאַסטעט זיך צום בחור׳יל
אין רוימט אין אויער אײַן
אַ טיעפֿען סוד, אַ ווילדען סוד
פֿון העלען הימעל־שײַן,
פֿון יונגען, שענעם בן־מלך
אין ווײַטען קעניגרײַך,
פֿון לאָקען, לאָקען גאָלדענע
בײַ׳ם שטילען, בלויען טײַך...

## 3.

אין שטומען קערקער זיצט אַ מענש,
אין קייטען פֿעסט געשמידט
קיין לעבענס־אָבקלאַנג הערט ער ניט,
קיין דורכשײַן זעהט ער ניט.
אין דאָך דורך אײַזען, שטאָל און שטיין
דרינגט דורך אַ פריהלינגס־שטים,
פֿערוויעגט דאָס בייז, פֿערביטערט האַרץ
און טוליעט זיך צו איהם...
אַ קוועלכיל קלינגט אין וואַלד און שיט
מיט פּערל און קריסטאָל...
עס חלומ׳ט זיך אַ בלויער טײַך,
אַ שטילער, גרינער טהאָל...
דאָס בייז פֿערביטערט האַרץ שלאָפֿט־אײַן
און עטעמט שטיל און פֿרײַ,
געבענטשט זאָל זײַן דאָס מעשה׳לע
פֿון ליעבען חדש־מאַי!

## 4.

דאָס ווינטעל פֿליהט־אַרײַן צו מיר,
עס קושט מיך, האַלזט און גלעט,

בעוועהט, בעפּרישט מיט פעלדגערוך
מײַן בעט, מײַן וועהטאג־בעט.
בלאזט אויף א סיגנאַטור, צושיט
א פּראשעק... האפּט פערשײַט
אין „מעבר יבק” זיך־אַרײַן
און בלעטערט זײַט נאך זײַט —
און מאַכט איהם צו, און קלאפּט איהם צו —
און לאַכט, און זינגט, און פליהט...
עס קוקט א מאַנדעלבוים צו מיר
אין פענסטער, גרינט און בליהט,
און שמײכעלט... כ'טרינק מײַן מעדיצין
און שמײכעל צו דערבײַ...
אלי, אלי, דער ווײַסער־חברה'ניק,
דער זיסער חדש־מאי!

---

# פון דעם גרויסען ים.

פון דעם גרויסען ים דערווײַטערט,
וואו די חוואליעס שלאגען ווילד,
ערגעץ ליעגט א מויער־קעפּעל,
דאך עס פיהלט,

ווען די שטאלצע חוואליעס יאגען
אין א מעכטיגען גאלאפּ, —
און דאס קלײנע מויערקעפּעל
ענטפערט אב...

ווײַט פון פאלק, פון דארט, וואו ס'וואָרצעלט
פול מיט זאפט זײַן ברײטער שטאַם,
שפּיר איך ווי דאס מויערקעפּעל
צו דעם ים...

שטײַגט, צי פאַלט פון פאלק דער דופק,
וואקסט זײַן שטאלץ צי פאַלט זײַן מוטה:
מײַן נשמה חזר'ט איבער,
וואס עס טהוט...

פֿון זײַן דענקען פֿון זײַן שטרעבען
ציטערט דורך מײַן ברוסט דער שטראַהל,
און איך לעב דאָס גלות־לעבען
פֿון דעם כּלל...

---

**א. רײזען.**

## צו אָרימע יונגעלעך.

שפּילט, יונגעלעך, שפּילט אײַך, פֿערגעסט אײַער נויט,
נאָר בעט בײַ די מאַמעס קײן שטיקעלע ברויט!
די מאַמעס זײַ האָבען אין שטוב דאָרט גענוג,
װער ס'לאַטעט, װער ס'װאַשט דאָרט, װער ס'זיצט בײַ דער װיג.
שפּילט, יונגעלעך, שפּילט אײַך, אויף דרויסען איז פֿרײַ,
און — זעהט איהר, עס טראָגט זיך אַ פֿײגעל פֿאַרבײַ.

שפּילט, יונגעלעך, שפּילט אײַך, פֿערטשעפּעט נאָר ניט
דעם אַלטען רבי בער'ן, װאָס געהט טריט בײַ טריט.
אָ, זעהט איהר זײַן בליק, װי ער קוקט אַזוי טריב,
דאָס שפּיעל אײַערס שטעכט איהם, ער האָט עס ניט ליב.
דאָס לעבען דאָס האַרטע האָט האַרט איהם געמאַכט —
אָ, יונגעלעך ליבע, פֿאַר אײַך ניט געדאַכט!

שפּילט, יונגעלעך, שפּילט! נאָר אָהן טומעל, אָהן האַסט,
נאָר שפּילט אײַך אַזוי װי פֿאַר אָרימע פּאַסט!
און שפּילט איהר אין פֿערדלעך, טאָ שמײַסט ניט דאָס פֿערד:
עס װעט איהם אַנ'אמת'ער פֿערד זײַן בעשערט:
עס װעט איהם דאָס לעבען נאָך נעהמען אין שפּאַן,
אָ, שמײַסט איהם ניט קינדער, אָ, שוינט איהם ביז דאַן!...

---

## מאי־קא משמע־לן?

מאַי קאָ משמע לן דער רעגען?
װאָס'זשע לאָזט ער מיר צו הערען?
זײַנע טראָפּענס אויף די שויבען
קײקלען זיך, װי טריבע טרעהרען.

און די שטיוועל איז צוריסען,
און עס ווערט אין גאס א בלאָטע;
באלד וועט אויך דער ווינטער קומען —
כ׳האָב קיין ווארימע קאפאָטע...

. . . . . . . . . . . .

מאי קאָ משמע לן דאָס ליכטעל?
וואָס׳זשע לאָזט עס מיר צו הערען?
ס׳קאפּעט און עס טריפט איהר חלב
און ס׳וועט באלד פון איהר נישט ווערען.
אזוי צאנק איך דאָ אין קלייזעל,
ווי א ליכטעל, שוואך און טונקעל,
ביז איך וועל אזוי מיר אויסגעהן
אין דער שטיל אין מזרח־ווינקעל...

. . . . . . . . . . . .

מאי קאָ משמע לן דער זייגער?
וואָס׳זשע לאָזט ער מיר צו הערען
מיט זיין געלבען ציפער־בלעטיל,
מיט זיין קלינגען, מיט זיין שווערען?
ס׳איז אַן אָנגעשטעלטע כלי,
ס׳האָט קיין לעבען, קיין געפיהלען,
קומט די שעה, דאָ מוז ער שלאָגען,
אָהן זיין רצון, אָהן זיין ווילען...

. . . . . . . . . . . .

מאי קאָ משמע לן מיין לעבען?
וואָס׳זשע לאָזט עס מיר צו הערען,
פוילען, וועלקען אין דער יוגענד,
פאר דער צייט פערעלטערט ווערען.
עסען „טעג״ אין שלינגען טרעהרען,
שלאָפען אויפ׳ן פויסט דעם הארטען,
טויטען דאָ די „עולם הזה״
און אויף עולם הבא ווארטען...

## עפּעס הער איך...

עפּעס הער איך שטימען ברומען
אין דאס ווייטע — נאָהנ׳טע לאַנד;
רופט מען מיך אהין צו קומען?
ס׳איז בעקאַנט און אונבעקאַנט...

עפּעס הער איך ווינדען בלאָזען —
גלעטען זיי, צי טרייבען זיי?
זאָל איך צו מיין לאַנד זיך לאָזען?
עפּעס גלויבט זיך און ס׳טוהט וועה...

עפּעס הער איך פייגעל זינגען,
אַז דער ווינטער האָט געעקט;
זאָל מיין ליעד אין האָר אויך קלינגען?
עפּעס ציהט און עפּעס שרעקט!...

---

## מיין הארץ איז ווייך...

(צו...)

מיין הארץ איז ווייך, ווי ביי א יונגעל,
וואָס האַלט זיך אָן דער מאַמעס קליידעל;
מיין מוטער איז שוין לאַנג געשטאָרבען —
זיי דו מיין מאַמע, ליעבע מיידעל.

איך וועל דיך, ווי א מאַמען, פאָלגען
אַלץ, וואָס דו וועסט נאָר הייסען, זאָגען;
און אַז דו וועסט, מיין ליעבע, שטאַרבען,
וועל איך נאָך דיר אויך קדיש זאָגען...

---

## אומעטיג...

אומעטיג, קינד מיינס, צו לעבען אַליין,
קענסט אפשר קומען צו מיר!
ביין צימער איז אָרים, מיין צימער איז קליין,
האָט א בעזונדערע טהיר, —

האָט אַ בעזונדערע טהיר,
נאָר קיינער, אוי, קלאַפּט ניט אין איהר...

אומעטיג, לעבען מיינס, אומעטיג, שווער,
און ווי נאָר דער אָווענד ער קומט,
זיץ איך, די אויגען צום טהיר, און איך הער:
דער ווינד אַזוי טרויעריג ברומט, —
דער ווינד אַזוי טרויעריג ברומט,
און ס'דאַכט מיר, אַז עמיצער קומט...



## ח. נ. ביאַליק.

# פון דער פּאָעמאַ „שְׁחִיטָה־שְׁטָאָדט".

### I.

... און ווילד, משונה ווילד, פערקריכטסטו אויפ'ן בוידעם
און בלייבט דאָרט שטעהן אין פינסטערניש אַליין;
דו פיהלסט? דאָ שוועבט נאָך איצט אַרום דער טויט־שרעק
און פאַכעט מיט אַ האַלטען שוואַרצען פליגעל
און פריהרט די וואָרצלען פון די האָהר אין קאָפּ.
און דאָ און דאָרט, פון אַלע שוואַרצע לעכער —
זעה אויגען, אויגען, שטומע אויגען קוקען...
דאָס קוקען די נשמות פון קדושים,
פערוואָגעלטע, פערשטויסענע נשמות,
וואָס האָבען זיך אינאיינעם דאָ אין ווינקעל
צונויפגעפּרעסט פערוואָגעלטע — און שווייגען...
אָט דאָ האָט זיי די שאַרפע האַק געפונען
און דאָ אַהערצו קומען זיי אַ קוק טהאָן,
צום לעצטען מאָל אין זייערע שוואַרץ־אַפּלען
פער'חסמ'ענען פון זייער סוף דעם אָבשיין,
די גאַנצע שרעק פון זייער טויט דעם ווילדען,
די גאַנצע תוכחה פון זייער וויסטען לעבען...
און ציטערענד, ווי טויבען פאַר דער שחיטה,
דאָ טוליען זיי זיך צו דעם דאַך אינאיינעם,
און קוקען לאַנג אויף דיר מיט שטומע אויגען

וואָס מאָהנען נאָר און פרעגען דיך אָהן לשון
און טענה'ן שטומערהייד אַלץ יענע אַלטע טענה,
וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט דערגרייכט צום הימעל
און וועט צום הימעל קיינמאָל נישט דערגרייכען:
„פאַרוואָס, פאַרוואָס? און נאָכאַמאָל פאַרוואָס?

## II.

— — — — — — — — — — — — — —

ס'איז נאָך דאָ עמיצער מיט דיר, ער בלאָנזשעט
מיט צוגעמאַכטע אויגען אין דער־פינסטער,
פערטיעפט אין אָבגרונדען פון גרויסען אומעט,
שטרעקט־אויס פאַר זיך צוויי דאַרע הענד צום שוואַרצען,
מיט שטומע אַנגסטען, אָנגעפילטען חלל
און טאַפּט דאָס פינסטערניש מיט בלינדע פינגער,
נישט־זוכענדיג קיין אויסוועג פאַר זיין טרויער —
ס'איז ער, ס'איז ער אַליין, דער גרויסער שמערץ־גאַסט,
וואָס האָט זיך זעלבסט פערשלאָסען דאָ אין תפיסה
און אָהן רחמנות זיך אַליין פער'משפט
אויף אייביגע, אויף גרויסע שטומע ליידען;
און ערגעץ דאָ אין שטאָהל, אַרום איין ביידע,
איז נע־ונד, און שוועבט אַרום און רוהט נישט,
און קאָן פאַר זיך קיין ווינקעל נישט געפינען,
אַ מידע, אַ טויט־מידע, שוואַרצע שכינה.
האַרץ־רייסענד וויינען וויל זי — און זי קאָן נישט,
חאָטש איין געשריי טהאָן — און זי שווייגט...
שטיל וואַרגט זי זיך מיט איהרע טרעהרען,
פערשפרייט די פליגלען איבער די קדושים,
פערלעגט דעם קאָפּ אַרונטער און פערגעהט זיך,
און וויינט, און וויינט אין זיך אָהן לשון...

— — — — — — — — — — — — — —

## III.

איצט געה אַרויס פון שטאָדט, ווען קיינער זעהט נישט
און שלייך זיך שטיל, פאַמעליך, צום בית־עלמן,
און שטעל זיך אויף די פרישע קדושים'ס קברים,
און שטעה און קוק און לאָז אַראָב די ברעמען —

און ווער פֿערשטיינערט!
דיין האַרץ זאָל אויסגעהן, חלש'ן אַ טרעהר —
נאָר טרוקען, ווי אַ שטיין אין מדבר, בלייבט דיין אויג;
און שרייען ווערסטו וועלען, רייסען קברים,
און ברילען, ווי אַן אָקס, צום שחיטה־באַנק געבונדען —
נאָר שטום ווי די מצבות בלייבסטו שטעהן.
נעהם קוק זיי אָן, דאָס זענען זיי, די קדושים,
דאָ ליעגען זיי גע'שחט'ענע, ווי קעלבער,
און האָסט פֿאַר זיי קיין טרעהר, ווי איך — קיין לוין...
איך בין אַהער געקומען, טויטע ביינער,
ביי אייך מחילה בעטען: זייט מיר מוחל,
פֿאַר אייער צעהן מאָל ביטערן פֿינסטערן טויט.
אַז איהר וועט קומען אונטער מיינע טהירען
און אָנקלאַפּען ביי מיר, און מאָהנען לוין —
וועל איך אייך עפֿענען: קומט זעהט, איך האָב נישט!
אַ גאָט'ס רחמנות איז אויף אייך — נאָר כ'האָב נישט!
אַ יורד בין איך, גלייך מיט אייך פֿעראָרימט...
און וועה, און וואונד און וועה איז אַלע וועלטען!
און לאָזען אַלע הימלען ברומען פֿאַר רחמנות!
אַזעלכע קרבנות — און אומזיסטע!
אומזיסט אַזוי געלעבט, אַזוי געשטאָרבען,
נישט וויסענדיג צו וואָס, פֿאַרוואָס, פֿאַר וועם?
אין וואָלקען איינגעהילט איהר קאָפּ, וועט אייביג
מיינע אַלטע שכינה וויינען שטיל פֿאַר בושה,
און נאַכט אויף נאַכט וועל איך אַראָב פֿון הימעל
בעוויינען זיך אויף אייער קבר...
די שאַנד איז זעהר גרויס, און זעהר גרויס דער וועהטאָג—
און וואָס איז גרעסער? — זאָג שוין דו, בן־אדם!
נייז, בעסער שווייג און זיי אַ שטומער עדות,
אַז דו האָסט מיך אין מיין אָרימקייט געפֿונען
און צוגעזעהן מיין עלענד און מיין טרויער.
און געהענדיג צוריק — נעהם־מיט, בן־אָדם,
אַ טייל פֿון צער מיינעם, פֿון שטילען וועהטאָג
און מיש איהם אוים מיט צאָרן־גיפֿט און ווארף איהם
אין שוים פֿון די נאָך־לעבעדיגע מתים...

# דאָס לעצטע וואָרט.

(נביאיש).

איך בין צו אייך פֿון גאָט געשיקט:
ער האָט געזעהן איהר ווערט דערשטיקט;
ער האָט געזעהן איהר פֿוילט און פֿאַלט,
איהר ווערט פֿון טאָג צו טאָג מעהר אַלט;
און אָבגעלאָזט האָט זיך די האַנד,
און אויסגעלאָזט האָט זיך די מאַכט —
און גאָט האָט זיך אָן אייך דערמאָהנט,
און ער האָט מיך צו אייך געבראַכט.

און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
„צו שווער דער יאָך—איך קאָן ניט מעהר!...
געה, רייס פֿון זייער האַרץ איין „אוי"!
שיס אויס פֿון זייער אויג אַ טרעהר!
און שווער זאָל זיין די טרעהר און ביטער,
און הויך זאָל זיין דער לעצטער קרעכץ,
אַזוי — די ערד זאָל כהון אַ ציטער,
און אָבטרייכלען פֿון זיך דאָס שלעכטס".

איך האָב געפֿאָלגט און בין געגאַנגען,
מיין וועג איז פֿול געוועזן מיט שטיינער;
גאָר איין געפֿיהל און איין פֿערלאַנגען
האָט טיעף געגליהט אין מיינע ביינער;
איך האָב געפֿיהלט, איהר זענט ביי שלאַנגען...
און מיט אייך, ביי אייך — קיינער, קיינער...
מיך האָט געטריבען אייער וועהטאָג,
איך האָב געמיינט מיין הילף איז נויטיג.

איך בין געשטראָפֿט פֿון גאָט מיט האַרץ!
איך האָב אַ האַרץ, וואָס קרענקט פֿאַר יענעם,
וואָס קאָרטשעט זיך פֿון פֿרעמדען שמאַרץ
און ווערט פֿערברענט פֿון יעדענס גיהנם...
איך האָב געהערט, עס איז איין שווער,
האָב איך געמיינט, איהר פֿיהלט און ווייסט,

און ווארגט זיך שטיל מיט אייער טרעהר
און זוכט א הילף, א בעט, א טרייסט,
און טייער זענען די מינוטען...
„איך געה, איך קום—כ'וועל היילען וואונדען,
מיט אייך אינאיינעם וועל איך בלוטען,
און וואו מען דארף, וועל איך פערבינדען,
און וואו מען מוז, וועל איך אבלעקען
דאס בלוט, וואס טריפט פון אייער וואונד.
כ'וועל טרייסטען, בעטען, וויינען, וועקען —
און וועל ניט לאזען געהן צו גרונד!
איך געה, איך קום — איך טראג א טרייסט,
איך טראג א בשורה פון נחמה;
איך בין געבענשט פון גאט מיט גייסט —
אייך וועל איך ש ֵנקען מיין נשמה...
איך בין פון גאט מיט מוטה בעשמידט,
וואס רייסט-אוים בערג און ווערט ניט מיעד,
און גאט האט מ ר געשענקט א צונג,
א שארפע, ווי א שארפען קלונג, —
אויב איהר זענט שטיין — איז זי א נ'איזען,
אויב איהר זענט אייזען — איז זי שטאהל...
איך קום, איך וועל זיך נאר בעווייזען —
און איהר וועט אויפשטעהן מיט אמאל!...
איצט שטעה איך אונטער אייער טהיר —
און אבגענומען איז מיין לשון;
עס העננט א שווערע נאכט אויף מיר —
מיין פינק, מיין ליכט איז אויסגעלאשען.
מיך האט בעגעגענט שפאס און שאנד,
איהר האט פאר מיר די טהיר פערמאכט —
און אבגעשטויסען איז גאט'ס האנד,
און גאטעס ווארט איז אויסגעלאכט...

בין איך צו אייך אין שמוץ געקראכען
און אלע קליידער איינגעריכט,
כ'האב מיט די הענד פאר אייך געבראכען
און הילף ביי אייך פאר אייך געזוכט...
נאר קיינער קומט צו הילף ניט, קיינער,

און איך בין איינער, איינער, איינער...
מיין תפילה האט געהערט די וואנד,
איהר האט פאר מיר די טהיר פערמאכט
און אבגעשטויסען איז גאט'ס האנד!
און גאטעס ווארט איז אויסגעלאכט!...

נאר ווייסט איהר אונגליקליכע, ווייסט —
איך האב ניט מעהר פאר אייך קיין טרייסט...
איך האב א ווארט, א שרעקליך ווארט,
וואס וועט אייך הויבען פון דעם ארט,
ווי'ס וועט דאס ליכט אייך מאכען שווארץ
און וועט פער'סמ'ען אייך דאס הארץ,
אין מויל פערגיפטען אייך דעם ביסען
און ביטער מאכען אייך דאס ברויט,
דאס לעבען וועט דאס אייך פער'מיאוס'ען
און וועט ניט געבען אייך דעם טויט...
ניטא פאר אייך קיין ווארט נחמה!
איך האב פערברענט שוין מיין נשמה,
איך האב מיין בונד מיט אייך צוריסען.
צובראכען ליעגט אין דר'ערד מיין מוטה —
איך וועל אויף אייך מיין גאל אויסגיסען
און וועל בעשפייען אייך מיט בלוט...

און גאט האט מיר געזאגט אזוי:
דאס לעצטע מאל שריי אויס איין „אוי"!
און גיב א קרעכץ צום לעצטען מאל,
אז ציטערן זאל בארג און טהאל;
און נעהם זיך אן מיט גאל און זאג:
הערט, טויבע, הערט!
עס געהט א טאג.
איך לאז ארויס א זון פון רעכט
און וועל די וועלט מיט ליכט בעגיסען —
נאר איהר אליין וועט בלייבען קנעכט
און וועט קיין טראפען ליכט געניסען...
און בלינדערהייד, מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר ארומלויפען פער'סמ'ט,

אהין, אהער, פאר טויזענד מײַל,
און בעטען, חלש'ען א שטראהל!...
נאר אײַך בעגעגענט א געלעכטער —
וואוהין איהר קומט, האט איהר פערזאמט...

איך שלים־אויף אוצרות לעבען, מאכט,
און ימים פרײַד וועל איך צוגעבען —
נאר איהר אליין וועט זײַן פערשמאכט
און אײַער קוואל וועל איך בעטריבען;
און טרוקענע מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר אין פרעמדע טהירען קלאפען,
מיט'ן פנים צו דער ערד צופאלען
און איבער פרעמדע קוואלען קניהען,
און דארשטיג אײַער האלז אויסציהען,
און בעטען, חלש'ען א טראפען...
נאר אײַך בעגעגענט א געלעכטער.
פאר אײַך פערשלאסען אלע קוואלען.
איך שיק אראב א מילדען גײַסט,
וואס פרישט ווי טהוי פון גאט און ווײַזט
א נײַעם וועג צו נײַע הימלען —
נאר איהר וועט טרוקען זײַן ווי שטרוי,
און ניט אויף אײַך וועט פאלען טהוי.
איהר? איהר וועט אויביג פוילען, שימלען.
און אויב ס'איז נאך פון פריה'ר געבליבען
א פונק פון גײַסט, געפיהל און גלויבען.
אנ'ערנסטער זיפץ, א הײַסע טרעהר —
וועל איך דאס אײַנציגוויַיז אברויבען,
און אײַער הארץ וועט בלײַבען לער
אהן טעם, אן ריח, אהן לײַב און לעבען.

און וויסט וועט ווערען אײַער צעלט,
און אומשלעפען וועט איהר זיך מידע,
ווילד־פרעמדע אויף א פרעמדער וועלט
און בעטלער או   א רײַכער   ..
און שטעהענדיג   פרעמו   לען,
וועט איהר די וואנדען   קען

און וועט פֿאַר פֿרעמדע זיי אויסשטעלען,
אַ ציטעריגע האַנד או סשטעלען,
אַ ציטעריגע האַנד אויסשטרעקען
און בעטען הילף אויף בעטלער־לשון —
נאָר אויסבעטלען וועט איהר פֿאַר אַ געלד...
און לעבען וועט איהר פֿאַר אַ גראָשען...

און שווער וועט אייך דאָס לעבען ווערען —
אַ לאַנגע נאַכט און ניט איין שטערען...
און אייער קול וויל גאָט ניט הערען...
און שרעקליך גרויס וועט זיין די נויט,
ווי גרויס און שרעקליך איז די זינד;
און איהר וועט חלש'ען דעם טויט
און בענקען וועט איהר נאָכ'ן לעבען...
נאָר גאָט וועט אייך ניט ביידע געבען...
און שרעקליך ווערה וועט זיין דער שמאַרץ...
אַפילו אייער אייגען האַרץ
וועט אייער אייגען מויל ניט גלויבען...
איהר וועט זיך פּראָוווען הויבען, הויבען —
אנ'אָטעם טהון — און יועט ניט קאָנען.
דאָס איז אַ קבר, נאָר בעגראָבען
זענט איהר דאָרט לעבעדיגערהייד...
דאָס איז אַ פֿייערדיגער גיהנם,
וואָס וועט קיין ענדע קיינמאָל האָבען —
נאָר ס'איז אַ גיהנם אָהן אַ טויט...
און גאָט זאָגט מיר:
איצט געה אַראָפּ
צום טעמפּעלס הויז און קויף אַ טאָפּ.
און טהו אַוואָרף און זאָג דערביי
שטאַרק הויך, אַז יעדערער זאָל הערען:
אַזוי וועט איהר צובראָכען ווערען!
און רייד ניט מעהר, גיט וויין, ניט שריי,
בויג־אָן דעם קאָפּ און ווער פֿערשטומט —
עס געהט דער טאָג, ער קומט, ער קומט...



# פון ר׳ יְהוּדָה הַלֵוִי׳ס יַם־לִידער.

## I.

ל׳האָב פֿערגעסען אַלע ליעבסטע,
ל׳האָב פֿערלאָזט מײַן אײַגען הויז;
ל׳האָב דעם ים זיך אָבגעגעבען:
טראָג מיך, ים, צום מוטער׳ס שויס!..

און דו, מערב־ווינד געטרײַער,
טרײַב מײַן שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מײַן הארץ מיט אָדלער־פֿליגעל
זוכט שוין לאַנג צו איהם אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום, —
נאָכדעם פֿליה זיך דיר צוריק,
גריסען זאָלסטו אַלע ליעבסטע
און דערצעהל זײ פֿון מײַן גליק...

## II.

אָנגעבּרוגז׳ט האָט דער ים זיך
און געקנײטשט זיך און געקרומט—
פּלוצים האָט ער זיך צובּײזערט
און ער וויעגט זיך שוין און ברומט.

און אַט לויפֿען שוין אַ קעגען,
ווילד און בּײז מיט ווײַסען שוים,
חוואַליעס־לײַבען, חוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסען פֿון דעם תּהום.

אַט האָט זיך אַ מאָהל געעפֿענט,
אַט שטעהט אויף אַ הויכער באַרג —
פֿלאַטער, זעגעל! בּויג זיך, מאַסטבּוים!
דו, מײַן האַרץ, בּלײַבּסט פֿעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסען גאָט אין הימעל,
ימים שפּאַלט ער מיט זײַן האַנד;

אויף זיין פליגעל מיט זיין שטורם
טראָגט ער דיך צום ליעבען לאַנד...

## III.

מיט דער לבנה־שיין פערזילבערט,
וויט ריזעלט זיך דער וואַסער־שפיגעל;
פערשפרייט האָט זיך אויף אונז די נאַכט
מיט איהר בלוי־סאַמעטענעם פליגעל.

ס'איז ניט קיין נאַכט — ס'איז מלכּה־שבא!
געהילט אין בלוי'ס, מיט גאָלד בעפליטערט,
שטיל אָטעמט זי און אויף איהר ברוסט
שעמ'ריּרט דאָס געלד, שעמ'ריּרט און ציטערט...

ווי שאָף צושפרייט, די קליינע חוואַליעס
שטיל וויעגען זיך אין לייכטען דרימעל.
סע ציטערען אין ים די שטערען —
ווער איז דאָ ים און ווער איז הימעל?...

צוויי ים'ען שלאָפען דאָ צוזאַמען,
צונויפגעלעגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטען שלאָפט ניט:
מיין הארץ מיט זיינע נייע ליעדער!

---

# אונטער די גרינינקע בוימעלעך.

אונטער די גרינינקע בוימעלעך
שפּילען זיך משה'לעך, שלמה'לעך:
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה'לעך —
יודעלעך פרי פון די אייעלעך,
פּנימ'לעך — שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעהם און צובלאָז זיי אויף גלידערלעך,
חאַפּען זיי אויף גרינגע ווינדטעלעך
און עס צוטראָגען זיי פויגעלעך...

נאָר איין זאַך פֿערמאָגען זיי — אויגעלעך,
די אויגען פֿערמאָגען צוויי פֿינטעלעך,
וואָס גליהען און פֿינקלען און טוקען זיך,
און עפּעס ווי נביא׳ש און וואונדערליך
פֿערטראַכטען זיך טיעף און פֿערקוקען זיך
אויף נעכטיגע טעג און אויף פֿויגעלעך...
אוי, מיר זאָל זיין, יודישע קינדערלעך,
פֿאַר אייער כשר׳ע אויגעלעך!...



## א. וואלט.

# זעהנזוכט.

עס געהט די מיטען־נאַכט אין ווייסען אָנגעקליידט
אַריבער פֿעלד און וואלד, אַריבער באַרג און טאָל —
אין ווייסען אָנגעקליידט, אויף זיידענס אויסגעשפּרייט
און גיסט מיט שטילען שיין און טרוימען אָהן אַ צאָהל.
און ס׳שווימט אַרוים פֿאַר מיר, אַזוי ווי איינגעהילט,
אַ חלום אָהן אַ סוף, פֿאַנטאַסטיש, בלוי און מילד,
פֿון טיעפֿען הימעלרוים, מיט שטערען דורכגעוועבט
און ביז דער ווייסער ערד מיט שטראַהלען איינגעהילט.
עס שלאָפֿט די גאַנצע וועלט, פֿערגאָסען דורך אַרום
אין מילדען שטילען שיין, בעצויבערט און ענטציקט;
עס שלאָפֿט די גרויסע שטאָדט, די גאַסען שווייגען שטום;
עס שלאָפֿט דער מידער מענש און חלום איינגעוויגט.

איך געה, און שווים און שווים, אין ווייסען שטראַהלען־ים,
און ס׳לויפֿט פֿון מיר דער שלאָף, און שטאַרק און ברענענד גלוט,
עס ריהרט זיך אויף אין מיר אַ לאַנג, פֿערשטיקטער פֿלאַם,
און בריהט מיר היים דעם מאַרך און בריהט מיר היים דעם בלוט.
עס וואַכען אויף אין מיר פֿערלאַנגען אַלערליי,
פֿון לעבען און פֿון גליק, פֿון ליעבע און פֿון שמערץ
חלומות פֿון אַמאָל, פֿול ליידענשאַפֿט און וועה,
זיי פֿלאַמען אויף צוריק אין חורבן פֿון מיין הערץ.

און ס'שווימט ארום פאר מיר, אזוי ווי איינגעהילט
אין שטילקייט פון דער נאכט, דורך היים-וועה אהן א שיעור
א צערטליכע געשטאלט, א פיעל געליעבטעם ביל, —
מיין וויטער, ווייטער פריינד, אך, קום, צך, קום צו מיר!

אך, קום, אך, קום צו מיר אין שטילקייט פון דער נאכט,
פון דיזער צויבערנאכט — אך, קום, אך, קום צו מיר!
און זאל מיין הארץ פאר דיר דא ווערען אויפגעמאכט,
איך וועל דערצעהלען דיר מיין בענקשאפט אהן א שיעור.
ווי קאלט איז אין דער פרעמד, ווי שלעכט עס איז און שווער,
איך שעם זיך ניט פאר דיר, דו וועסט פערשטעהן, איך ווייס,
און זאל זיך גיסען פריי פאר דיר מיין שטילע טרעהר,
און זאל צוגעהן מיין הארץ אין דיינע ארעמס היים!
ד־ ענטפערט קיינער אב. עס שווייגט די גאנצע וועלט,
פערגליווערט און פערשטארט אין בלאסער, טויטער פראכט;
אין בלויען נעבעל שווייגט די לבנה מאט, פערשטעלט.
עס ענטפערט קיינער אב. עס שווייגט די שטומע נאכט!



מ. ווינטשעווסקי.

## צו די קלוגע.

איהר מיינט, אז א מענש איז ניט ניכטער,
וואס גלויבט אין א בעסערער צייט;
איהר רופט מיך א טרוימער, א דיכטער,
איהר קלוגע, איהר פראקטישע לייט.

איך וויל ארום דעם הײַנט ניט שטרייטען,
לאז זיין, איך בין מאקע בערוישט, —
מיט אייך וואלט איך פארט זיך ניט בייטען,
וואלט שכרות אויף גאלד ניט פערטוישט.

און אויב זי איז ווירקליך א חלום,
די צוקונפט, פון וועלכער איך טראכט,
דאן געהט אייך, איהר קלוגע, לשלום,
און לאזט מיך דערטרוימען די נאכט.

איהר מעגט זיך אייך שווינדלען און רויבען,
אויב פינסטער פערבלייבט, ווי איהר זאגט,
און איך וועל בערוישט זיין אין גלויבען
און טראכטען אין טרוים, אז עס טאגט.

---

# דריי שוועסטער.

אין ענגלאנד איז דא א שטאדט לעסטער,
אין לאנדאן איז דא אזא סקווער,
אין סקווער שטעהען טעגליך דריי שוועסטער,
די מיידלעך — זיי קען וועך-נישט-ווער.

די קלענסטע פערקויפט דארטען בלומען,
די מיטעלסטע — בענדלעך פון שיך,
און שפעט אין דער נאכט זעהט מען קומען
די עלטסטע, וואס האנדעלט... מיט זיך.

די אינגערע ביידע בעטראכטען
די עלטערע שוועסטער אהן האס;
דען אלע דריי מיידלעך פעראכטען
די וועלט מיט דער שטאדט, מיט דער גאס.

און דאך ווען די קליינע צוויי קומען
צום נעסט, וואס זיי רופען אהיים,
בענעצען זיי בענדלעך און בלומען
מיט טרעהרען, וואס בלייבען געהיים.

---

# חן-גריבעלעך.

חן-גריבעלעך צוויי, קליינע מינען פון גאלד,
האט חיענעלע, משה דעם פינישער'ס קינד;
די גריבעלעך צוויי האבען יונגע לייט האלד,
די גריבעלעך וואלט יעדערער פילען מיט גאלד,
און חיענעלע איז פאר איהר שפיגעל ניט בלינד.
דאך לאזען די גריבעלעך, אוצרות פון חן,
איהר הערצעלע איבער פער'צרה'ט און שווער,
אין חיענעלע'ס גריבעלעך, חנ'עווינג שען,
א שאטען פון יענער וועלט אפט לאזט זיך זעהן,
פער'גנב'עט זיך אפט אנ'אנטרונענע טרעהר.
ס'האט חיענעלע, משה דעם פינישער'ס קינד,
אין גריבעלעך גאלד, דאך איהר גליק אין א גרוב,
וויל הזענעלע'ס גליק איז אוועק מיט'ן ווינד,
און ס'ווערען די גריבעלעך איהרע געזווינד,
חן-קבר'לעך שטילע, בעהאלטען אין שטוב.

---



זיין וואלט איך א קינדער-קעניג,
אין א קינדער-לאנד,
מיט א קינדער-מיניסטעריום
אהן צופיעל פערשטאנד.

מיט א בלומען-טראהן אין וועלדעל
אויף דער פרייער לופט,
אין דער האנד א לולב-סצעפטער
מיט זיין פרישען דופט.

און א קרוין וואלט איך געטראגען
אויך ניט פון מעטאל,
אויך א שפאגע, וועלכע קומט ניט
פון קיין ארסענאל.

און דער קעניג מיט די בירגער
וואלטען זיך געשפּילט,
וואלטען וועלדער מיט געלעכטער,
מיט געזאנג פערהוילכט.



ד. עדעלשטאדט.

## אויף א באל.

וואס שטעהסטו, בלאסער טרוימער!
געזונקען דעם קאפּ אויפ'ן ברוסט?
זעה דיינע שוועסטער און ברידער
זינגען און טאנצען מיט לוסט!

זעה, ווי עס טראגען זיך פּארלעך,
בעפלילגעלט פון זיסע מוזיק, —
בעקעלעך גליהען, און אויגען
בליצען מיט יוגענד און גליק.

נאר דו ביזט בלאס און פערטרויערט,
נאר דו ביזט ווי אימער אליין!
אליין, ווי א שטורם־וואלקען,
אליין, ווי א פעלזען־שטיין.

---

## פון היינע.

(פריי בעארבייט).

איך געדענק די שטונדע זיסע,
ווען דו ביזט צו מיר געקומען
און דאסט אין מיין קליינער הפיסה
מיטגעבראכט מאיאווע בלומען.

שענע, רייצענדע פּרינצעסין,
דו אליין האסט דעם פּאעט

און זײַן עלענד ניט פֿערגעסען
קרוינען מיט א מאַי־בוקעט.

לאנג איז שוין דײַן בלום געשטארבען,
דאך איהר פֿארב, איהר רויטעס פֿארב
האט די צײַט נאך ניט פֿערדארבען
און זי לעבט אויף, ווען איך שטארב.



## ה. ד. נאמבערג.

# פֿון מיכה ו׳.

עס ציטערען טורמען און ווערען צושטערט,
עס וואקעלט זיך שיכור די זינדיגע ערד.
און איהר א, צופֿריעדענע רוהיגע לײַט,
פֿערמאַנצט און פֿערהולעט די ביטערע צײַט!
און זעהט ניט, וואס ס׳טורט זיך, און ווײַסט ניט, וואס ס׳שאפֿט
אויף מארגען די רויהע, די אײַזערנע קראפֿט;
און ליעגט אײַך בערוהיגט אויף בעטען פֿון בײַן,
ערוואלט נאר צום פֿרעסען, צום זויפֿען דעם ווײַן.
אויף הארפֿען, ווי דוד, פֿערשאפֿט איהר אײַך פֿיעל
די צײַט צו פֿערטרײַבען אין לוסטיגען שפּיעל.
נאר טאנצען, נאר הוליען, נאר זויפֿען און פֿרעסען,
און פֿרעמדען, און אײַגענעם לעבען פֿערגעסען!

---



נישט צו שטראפֿען אײַך האט
מיך געשיקט אונזער גאט! —
אײַך וועט טרעפֿען זײַן שטראף,
ווי א דונער אין שלאף!
נאר בעפֿוילען מיך האט
דער אלמעכטיגער גאט:

רעקלאמאציע.

איך אין פנים צו שפייען,
אין די גאסען צו שרייען:
אוי, איך האס און פעראכט
אייער לעבען און פראכט!...



שניאור.

## רויטע עפעל...

רויטע עפעל, גרינע שאטענס,
גראזען — סאמעט, הימלען — זיידענס...
און א הילכיג טייך־געלעכטער
גיסט זיך טראגט זיך פון דערווייטענס.

קום צוגעהן, מיין מיידעל־מלאך!
פרוכטען רייצען, צווייגען קנאקען...
מיר אנ׳עפעל, דיר אנ׳עפעל
און א גנבה־קוש אין באקען.

קום צוגעהן, דא קלינגען, קלינגען...
לעצטע בלויע גלעקלעך־בלומען;
מיר א בלימעל, דיר א בלימעל
און א דריק צום ברוסט א שטומען.

קום... איך וועק דא גאלד־חלומות
פון דער וועלט און פון מיין טרויער;
מיר א חלום, דיר א חלום
און א שטילען סוד אין אויער...

---

## טרא־לא־לא־לא

(ראמאנס.)

אין וועלדעל ביים טייכעל, דארט זענען געוואקסען
מארג׳ריטקעלעך, עלענד און קליין —

ווי קליינינקע זונען מיט ווייסינקע שטראַהלען,
מיט ווייסינקע טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

געגאַנגען איז חוה'לע שטיל און פער'חלומ'ט,
צולאָזען די גאָלד-בלאָנדע צעפּ, —
דאָס העלזעל ענטבלויזט און געמורמולט-געזונגען
אַ ליעדעלע: טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

דאָ קומט איהר אנטקעגען אַ בחור אַ שוואַרצער,
מיט לאָקען מיט שוואַרצע, ווי פּעך;
ער פלאַמט מיט די אויגען און ענטפּערט איהר לוסטיג,
און ענטפּערט איהר: טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— וואָס זוכסטו דאָ, מיידעל? וואָס האָסטו פערלאָהרען,
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?
„איך זוך מאַרגאַריטקעס", — פערדרויטעלט זיך חוה.
פערדרויטעלט זיך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקי געפונען
די שענסטע מאַרג'ריטקע אין וואַלד,
אַ מאַרג'ריטקע מיט צעפּ און מיט אויגען סאַפּפירען,
מיט אויגעלעך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— ניין, כ'האָב שוין מאַרג'ריטקעס. איך האָב זיך פערגעסען —
איך זוך... דאָ ניט ווייט איז אַ קוואַל...
— דער קוואַל איז געשלאָסען, אָהן מיר בלייבסטו דאָרשטיג
ביים קוואַלבעלע טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— איך וויל גאָרניט טרינקען. איך זוך מיר אַ שאָטען,
די זון באַקט אַריין אַזוי הייס...
— מיינע האָהר זענען שוואַרצער און קיהלער ווי שאָטענס
אין וועלדעלע טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— אָ, לאָז מיך, מען טאָר ניט; די מאַמע זאָגט, מ'טאָר ניט,
מיין מאַמע איז אַלט און איז בייז.
— וואו מאַמע? וואָס מאַמע? דאָ זענען נאָר בוימער,
נאָר בוימעלעך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— „מען זעהט״—קיינער זעהט ניט. „מען הערט!״ — קיינער הערט נישט,
דאס וועלדעל איז בלינד און געדיכט.
אומארם מיך, זיסע. דו זעהסט, איך בין רוהיג,
איך קוש דיך נאר — טרא־לא־לא־לא.

— דו ליעבסט מיך? — „איך ליעב דיך! — „דו שעמסט דיך?
„איך שעם מיך.
— א, ליעב מיך און שעם דיך און שווייג.
און זעה ווי עס מייען זיך פייך־שווארצע קרויזען
מיט גאלדענע... טרא לא־לא לא.

---

די זון איז פערגאנגען, דער בחור — פערשוואונדען
און חוה'לע זיצט נאך אין וואלד.
זי קוקט אין דערווייטעים און מורמולט פער'חלומ'ט
דאס ליעדעלע: טרא לא־לא־לא...



ד. איינהארן.

# אידיליע.

איך וויל, אז מיין ליעבע זאל ווערען געשלאסען,
אין ערגעץ אנ'עגגען, א יודישען געסעל,
וואו ס'שטעהען די הייזלעך געדריקט, ווי א סטאדע
פון שעפסען, ווען ס'שרעקען זיי וועלפישע ציינהנער.
אנ'עדות זאל זיין די לבנה, און קיינער,
חוץ איהר, זאל נישט קענען פערנעהמען די קושען,
וואס וועלען זיך טראגען וואס העלער און העלער
צום ליכטיגען הימעל, צום בלי ליכען אבגרונד,
וואוהין עס וועט קוקען מיט בליק' פערבענקטע
די, וועלכע ל'וועל שענקען מיין ליעבע.

און ווען איך וועל געהן מיט מיין ליבעסטע שפאצירען,
זאל אונז נישט בעלייטען דער נאכטיגאלס טרעלען.

נאָר שטיל זאָל זיך טראָגען פֿון ערגיץ אַ ווייטען.
אַ דונקעל־בעלויכטענעם נידריגען פֿענסטער
אַ שטילער פֿערטרויערטער יודישער נגון,
וואָס זאָל אין אַ חלום אַ ווייסען פֿערוויגען,
אַ חלום פֿון זיסע און צערטליכע שמאַרצען,
און טיעפֿע, נאָך נישט קיין בעוואוסטע פֿערלאַנגען,
וואָס שוועבען ווי עכאָ׳ס פֿון אייגזאַמע קלאַנגען,
פֿון וועלכע עס וועבט זיך טיין ליעבע...

און זיין זאָל מיין ליעבסטע אַ בלאַסע, פֿערקלערטע,
מיט אויגען פֿער׳חלומ׳טע, אָפֿענע, צאַרטע,
און בלויע אַזוי ווי אין פֿריהלינג דער הימעל
וואָס קוקט דורך אַ דורכזיכטיג שלייער פֿון טוליען;
מיט שוואַרצע צעוואָרפֿענע זיידענע לאָקען,
וואָס וועלען בעזוימען איהר פּנים דעם בלאַסען,
וואָס רעדט נישט פֿון טויט און פֿון בלומען, וואָס וועלקען,
נאָר עפּעס פֿון שטילע בעהאַלטענע קרעכטען,
וואָס רייסען בעהאַלטענערהייד זיך צום לעבען,
אין פּעריל פֿון רייניע קריסטאָלענע טרעהרען,
וואָס פֿאַלען און פֿאַלען פֿון ליעבע.

און זיין, וויל איך, זאָל זי אַ טאָכטער פֿון יענע
געבויגענע, פֿינסטערע אָרימע הייזער,
וואו ס׳לעבט און עס ליידט די זעל פֿון מיין אומה,
וואו ס׳ריידען פֿון שמערצען נאָר בליקען נאָר שטומע.
און האָבען זאָל זי אויך אַ נ׳אַלטינקע מאַמען
מיט אויגען, וואָס וויינען און קושען צוזאַמען
מיט ביינינע הענד, וועלכע האַלטען אין גלעטען,
מיט טרוקענע ליפּען, וואָס שעפּצען נאָר ברכות.
און ליעב זאָל זי האָבען איהר אָרימע מאַמען,
די, וועלכע וועט בענשען מיין ליעבע.

און שטיל אין אַ קלייניכקען קאַמער אין ערגעץ
אַ קליינעם, געבויגענעם פֿינסטערן הייזעל
זאָל אונז דערנאָך בענשען אַ גרייז־גרויער זיידע,
וואָס וועט אונז דעם חלום פֿון פֿאָלק איבערגעבען,
צו טראָגען איהם ווייטער מיט גלויבען אין לעבען,

און מוטהיג־געאַרעמט זאָל איך מיט מײַן ליעבסטער
אוועקגעהן צום ליידענדען פאָלק און איהם שענקען
די אייביגע הייליגע ליעבע...

# ליטאָ.

עס האָט מיך געפאַנגען דער אומעט, וואָס שוועבט אויף די דונקעלע פעלדער
און רוהט אויף די איינזאַמע בוימלעך, וואָס שטעהען צעוואָרפען אויף זיי;
דער בלויער פערטרויערטער הימעל, וואָס קוקט אַ פערוויינטער אַרונטער
דורך ווייסליכע זיידענע נעבלען, ערפילט מיט אַ צערטליכען וועה;

די ראָזע און שטילע פאַרנאַכטען, וואָס שטאַרבען ווי עלענדע קינדער;
די נעכט, וועלכע באָדען זיך שטיל אין אַ בלאַסען אַ קרענקליכען שיין;
די מאָרגענס, וואָס וועקען זיך אויף, ווי אַ שמייכעל אויף גוסס'ע ליפען;
די טעג, וואָס ערשיינען פערהילט, ווי זיי וואלטען זיך שעמען צו זיין;

די שמאָליגקע טייכלעך, וואָס בלאָנדזשען פון אונטער ברונז'ע ווערבעס.
די לאָנקעס, אויף וועלכע עס שפּראָצען זיך אָרימע בלומעלעך שטיל;
די קליינע בעריאָזאָווע וועלדלעך אויף ברייטע אונענדליכע שטרעקעס,
ווי אייניציגע ליכטיגע טרוימען אין תהום פון אַ שוואַרצען געפיהל.

עס האָט מיך פער'כשופ'ט דאָס לאַנד, וואו די זון קוקט אַרויס דורך אַ נעבעל;
דאָס לאַנד, וואו עס קומען קיין שטורעם'ס, נאָר ווינטעלעך קייקלען זיך מיעד;
דאָס לאַנד, וועלכעס בענקט אין אַ טרויער און האָפט אין איהר שטענדיגען צווייפעל;
דאָס לאַנד, וואו עס האָט זיך געוועבט מײַן פערבענקטעס פער'חלומטעס ליעד.

# אין אַ לבנה־נאַכט.

עמיץ האָט זיך פערבענקט...
צו דעם בלוי־ווייסען רוים,

צו דעם נעץ פון די צערטליכע ליכטיגע שטראַהלען
האָט פּלוצלונג אַ שטילע מעלאָדיע דערגרייכט, —
ווי אַ טרוים...
און דערנאָך אין דער ווייטקייט פערפאַלען...
עמיץ האָט זיך פערבענקט...
דאָרטען ווייט, דאָרטען ווייט, וואו עס דרעמעלט דער וואַלד
אין אַ נעבעל פון מאַטאָווען זילבער, —
שטיל, אין שאָטען פערהילט
פון אַנ׳אוראַלטען בוים,
אויפ׳ן פייכט-ווייכען גראָז, מיט אַ האַרפע אין האַנד
מוז זיצען אַנ׳עלענדער זינגער,
און אַ ניגון פערטראַכט וועבען שטיל, וועבען שטיל,
אויף די סטרונעס מיט צערטליכע פינגער.
עמיץ האָט זיך פערבענקט...



איינזאַמע!
ווער וועט זיך טיילען מיט אונזע׳ע ליידען,
ווער?
דערטרונקען אין פינסטערע ניזלט וועלען ווערען
די בענקענדע טענער פון אונזערע לידער,
און קיינער נישט,
קיינער
וועט לאָזען אַ טרעהר...

---

אַ מיידעל וועט אפשר אמאָל אונז פערנעהמען
און ס׳וועט איהר פון מיטלייד אין האַרצען פערקלעמען,
אַ פריינד וועט אַמאָל אפשר זיפצען בעהאַלטען,
אַ קרוב וועט שענקען אַ טרייסט-וואָרט אַ קאַלטען;
נאָר קיינער נישט,
קיינער
וועט פיהלען דעם צער...

---

איינזאַמע וועלען מיר בלאָנדזשען און בלאָנדזשען,
און זוכען, נישט וויסענדיג, וואָס.
נאָר וואויל איז צו די, וועלכע וועלען געפינען
אַ סטעזשקע, אָהן דערנער, וואו רוהיג צו בלאָנדזשען;

אַ הײַזעל אַ שטילעס, וואו טרוימען צו שפּינען,
אַ זאַמד, צו דערשלינגען די טרערען, וואָס רינען, —
וואויל איז צו די אויף דער וועלט...



ש. י. אימבער.

# אוים דער פּאָעמע „אֶסְתֵּר׳קע".

די זון האָט זיך גע׳טובל׳ט אין גאָלדבעשפּריצטען וואַסער,
דער הימעל האָט געשמײַכעלט אַלץ רוהיגער און בּלאַסער,
עס איז אַ טוי געפּאַלען אויף גראָזען און אויף בּלומען —
דער מלך איז פאַרנאַכטליך צו אסתּר׳קען געקומען.

דער מלך האָט פון רײַטפערד זיך טיעף אַראָבּגעבּויגען,
די שענע האָט צום ליעבּסטען דערהויבּען איהרע אויגען,
דערהויבּען און פאַרשעהמט זיך און שטיל געלאָזט זיי זינקען —
עס האָבּען זי געטראָפען די קעניגליכע פונקען.

דער מלך איז געשטיגען פון ווײַסען פערד אַרונטער —
די שענע מײַדעל-אויגען, זיי לײַכטען ווידער מונטער,
די ווײַסע מײַדעל-אָרעם, זיי שטרעקען זיך און שטרעקען —
צוויי פלאַמענרויטע ליפּען מיט פײַער זיי בּעדעקען.

דאָס פײַער איז דערגאַנגען צום האַרץ, צום יונגען האַרצען,
פאַרבּרענט דאָרט די זכרונות פון לײַדען און פון שמאַרצען;
— נאָר גליק זאָל דער געליעבּטער אין איהרע אויגען לעזען...
זיי האָט אין גראָז געזעצט זיך, דאָס גראָז איז ווייך געוועזען...

אין גראָז האָט ער געזעצט זיך, אין גראָז אין ווײַכען, קיהלען—
אין לופט האָט זיך געטראָגען אַ דופט פון צאַרטגעפיהלען,
אַ דופט פון צאַרטגעפיהלען, האַלבּ זים בּעגליקט, האַלבּ טריבּליך,
די בּוימער בּײַ דעם וואַסער, זיי רוישען אַזוי ליעבּליך...

די בּוימער בּײַ דעם וואַסער, זיי סוד׳ען זיך פון גליקען —
די פײַגעל אויף די בּוימער צום הימעל ליעדער שיקען...
דער מלך האָט פיעל כּח דערפיהלט אין זײַנע אָרעם:
„הער, אסתּר׳קע, די פײַגעל, זיי זענען אונז כּלי-זמרים...

„די בוימער זאָגען ברכות און ווערען באַלד אַנטשלאָפען...
ווער ווייסט, צי זייער ברכה האָט אונזער נאַכט געטראָפען...
צי וועלען שטערען פאַלען, צי וועלען שטערען שיינען?
צי וועט מיין הארץ היינט לאַכען, צי וועט מיין האַרץ היינט וויינען?

„אוי, שטערען וועלען שיינען, און שטערען וועלען פאַלען...
אוי, ס'וועט דאָס האַרץ מיינס וויינען און פון געלעכטער שאַלען...
אוי, ס'וואָלט מיין האַרץ ווי גערן צו דיינע פים געפלויגען!
זעה, אסתר'קע, דאָס האַרץ מיינס לייכט דיר פון מיינע אויגען!

„זעה, אסתר'קע, אַזוי ווי די זון פערלעשט די פלאַמען
אין ווייטע, ברייטע טייכען, אין אונענדליכע ים'ן —
אַזוי וויל אויך דאָס האַרץ מיינס דערטרינקען זיין בעגעהרען
ביי דיר אין דער נשמה... ווערסטו דיין זעל מיר וועהרען?..

... די זון האָט זיך בעהאַלטען אין ווייכען שוים פון וואַסער —
דער מאָנד איז אומגעשוואומען אַ בענקענדער, אַ בלאַסער —
דער טוי האָט איינגע'שכור'ט די גראָזען און די בלומען —
דער מלך האָט אסתר'קען מיט ליעב אַרומגענומען.

זי האָט איהם נישט געוועהרט נישט די ליפען, נישט די אויגען,
זי האָט איהם נישט געוועהרט פון איהר זיסקייט זאַט צו זויגען,
זי האָט איהם גליק געגעבען, ווי נאָר אַ מענש קאָן געבען —
... צי האָט נישט דאָרט אַ סאָווע אַ קרעכץ געטהאָן דאַנעבען?



י. שטיינבערג.

# אוים דער פאָעמאַ „די טרויעריגע ליעבע".

האָב מיך ליעב, דו שענעס, ריינעס יודיש מיידעל!

ס'וועט דיר מיין מלאך די אויגען פערמאַכען,
אָבער דיין קינדערשער שלאָף וועט נישט קומען;
וועסט זיך נישט ריהרען און ליעגען פער'כשופ'ט;
מחנות־וויי וועלען געשטאַלטען ערשיינען,
פליהען אַרום דיין געלעגער דעם ריינעם.

אַט וועט אַ קינדיש געזיכט צו דיר שמייכלען,
קוקען אויף דיר מיט פאַרחלומ'טע אויגען.
וועסט אָבער זעהן אין זיי טרויער אָן סוף,
גלייך ווי דאָס האַרץ פונ'ם קינד זאָל שוין פיהלען,
וואָס ס'איז אַ קינדהייט אָהן שפּיעלען און לאַכען.
אין אַ פערשימעלטען גלויבען פון אַלטע,
צווישען פערחושכ'טע בייזע געזיכטער.
מיט אַ פערשטויבטער נשמה, וואָס קיינמאָל
גיט נישט די זון זי אַ וואַרם און אַ ווינדטעל
גיט נישט אַ בלאָז אין איהר. —
מיין קינדהייט איז דאָס.
זעהן וועסטו נאָכדעם אַ בלאַס-יונגען פּנים
מיט אַ געדאַנק אויפ'ן שטערען און אויגען,
וואָס קוקען ווייט מיט פערלאַנגען און בענקשאַפט.
גיך פליהט די ריינקייט אַוועק מיט דער קינדהייט:
ס'ווייסט שוין פערלאַנגען דאָס האַרץ פון דעם יונגעל.
צי אַ פערבלאָנדזשעטער שטראַהל פון דער זון,
צי אַ גע'גנב'טעם שפּיעל אויף דער לאָנקע,
אָדער דער איינציגער בוים פאַר'ן פענסטער,
וואָס טהוט אין ווייסען זיך אָן אָנהויב זומער
האָט איהם דעם סוד פונ'ם לעבען דערצעהלט?
אָבער אַליין איז ער ווידער געבליבען.
מעהר האָט די זון נישט געוואָלט זיך איהם ווייזען,
שפּיעלען זיך האָט ער געקאָנט נאַר מיט ספרים,
טריקענען האָט אויך דער בוים באַלד גענומען. —
איינער אַליין איז דאָס יונגעל געזעסען
אין דעם פערחושכ'טען קלויז און גע'חלומ'ט.
שטיל קוקט די ווינטער-נאַכט דורך די צוועלף פענסטער
אינ'ם בית-מדרש דעם פוסטען אַריין:
שטיל איז אין קלויז און עס ריהרט זיך קיין זאַך נישט:
ס'דרעמעלט דער עמוד, די פלאַם פון נר-תמיד,
אונטער דעם פּרוכת שלאָפט גאָט און זיין תורה,
ס'שלאָפט אויך זיין גלויבען אין האַרץ ביי דעם יונגעל;
באַלד וועט אויך ער, אויך דער לעצטער אַנטלויפען,
ווייסטו, וואוהין דו ווילסט פליהען, יונג האַרץ?
ווער וועט דיך שיצען אין טומעל פון לעבען?

וועסט נישט דיין פאטערס גאט נעהמען מיט זיך,
מיטנעהמען וועסטו זיין היילינקייט נישט,
באלד אויף דער שוועל פון דעם קלויז וועלען לאזען
איינער אליין דיך די גוטע מלאכים;
מיטשלעפען וועסטו מיט זיך נאר א טרויער,
וואס האט קיין סוף נישט און האט נישט קיין נאמען.
וועסט וועלען אבלעבען פאר אלע דורות,
זאט וועט נישט ווערען דיין הארץ און דיין בייזער
אונרוהיג-קראנקער געדאנק וועט דיך שלעפען
איבער דער ערד, — און וועסט גליקליך נישט זיין.
ס'שמייכלען די ליפען: אהין, וויט פון דאנען,
וויט, וויט אהין. —
דאס בין איך אין מיין יוגענד.

וועסט נאכדעם זעהן א געשטאלט א בעקאנטע:
אויגען מיט לוסט צו דעם לעבען און ליפען
מיט א פערביטערטען שמייכעל, וואס לאכען
זיך אליין אויס און די וועלט וואס ארום זיי.
טייער וועט זיין די געשטאלט דיר: ווי פלוצלונג
וואלט פון א וויט לאנד א טייערער ברודער
צו דיר געקומען; דו וועסט דאן ווי ווארטען,
ס'זאל דיר דיין ברודער די האנד זיינע געבען
און דיך אוועקפיהרען וויט, וויט פון דאנען —
פיהרען וואוהין ער נאר וויסט און ער וויל.

האב מיך ליעב, דו שענעס, ריינעם יודיש מיידעל!

---



כ'־אב צוויי און צוואנציג יאר געלעבט
אליין — אהן ליעבע און אהן גליק,
כ'וועל לעבען ווייטער אויך אזוי, —
און נעהם דיר איינם צוריק.

געפינען וועל איך אומעטום,
ווי טראפענס, גליק פון צייט צו צייט,

דעקאמאציע.

אי פרומע ליעבע אויף א תנאי, —
איך וועל נישט דארפען זוכען ווײט.

איך ווײס א קינדיש הארץ ווי דײנם
איז אויף דער וועלט נישטא פאר מיר, —
נאר כ׳מײן ... דו האסט אזוי געוואלט,
דו האסט פאר מיר פערמאכט דײן טהיר.

פארוואס? איך בין שוין ווידער פרײ,
עס הויבט זיך אן מײן אלטער וועג;
כ׳זיץ עלענד ווי אמאל — אמאל
און פרעג —



מנחם.

# אוים דעם פראגמענט „שלמה׳ם לעבען".

שלמה איז א הײם געליעבטער אינ׳ם ציטערשוים פון לעבען.
און אמאל אין ליעבע חלום, ווען ער האט מיט ברוסט און ליפען
ווײן געטרונקען פון איהר אטעם און געהילט זי אין די ארעמס,
האט זי שטיל איהר קאפ דערהויבען, אין זײן קעניג-אויג פער-
קוקט זיך,

און אזוי געזאגט האט לעבען צו דער ליכטיגקײט פון הימעל:
„פונ׳ם אנהויב ערשטע דורות, צווישען אלע מענשען-קינדער,
האב איך מײן געליעבטען חתן איבער ים געזוכט און לענדער.
צײטיג איז מײן ברוסט געוועזען, איבערפול דאס הארץ געוועזען,
און געדורשט האבען די ליפען — זאל צו מיר דער אײנער קומען
אויף די פליגלען פון די ווינדטען, זאל ער פאלען אין מײן
אטעם,

און די מילך פון מײנע ליפען מיט די הײסע קושען טרינקען,
און דעם ווײן פון מײנע אויגען מיט די דורשטענבליקען שעפען,
כ׳האב געזוכט איהם יאהרען טויזענד, איבער ים׳ען, איבער
לענדער —

ווײט געווען איז מײן געליעבטער, און דער ווינד געווען איז
פײנדליך.

נאָר אַמאָל אין הייסען וואָגעל האָב איך אויף אַ וויסטען־פּאַשע
אויפגעצוילט אַ יונגען פאַסטוך מיט אַ בויגען, פּייל און פּייפער —
שען און שטאַרק איז ער געוועזען — האָב איך ווילען איהם
גענעבען,
קעניג, האַר און זינגער ווערען, און געזאָגט איהם און גע־
זאָגט איהם:
גע און ברענג מיר מיין געליבטען, גע און ברענג מיר
מיין געליבטען!
און ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט געליבטען מיר געפֿירען———
שען און גרויס איז מיין געליבטער, אויסגעבענקטער, אויס־
געטרוימטער,
וועט ער זיין מיין שטאָלצער קעניג איבער דורות איין און איינציג,
וועט ער זיין די קרוין פון לעבען, וועט ער זיין איהר שאַ־
פונגס־ציערונג,
וועט ער זיין איהר הייסער אָטעם, וועט ער זיין איהר האַר־
צענס אָדער —
און אויב ס'זענען מענשען — זאַנגען אויף די ברייטע לעבענס־
פעלדער, —
שלמה איז אַ בוים אין בליהען, איבער פעלדער אַ בעצווייגטער,
און אויב ס'זענען מענשען — בוימער אין די אַלטע לעבענס־
וועלדער, —
שלמה איז אַ באַרג אין וועלדער מיט אַ שנייען־קרוין אין הימעל...
שלמה איז אַ היים־געליבטער אין דעם ציטערשוים פון לעבען,
ס'איז דאָס לעבען — אַ געליבטע אין די שטאַרקע שלמה'ס
אָרעמס."

— — — — — — — — — — — — — — — —



## מ. טייטש.

✻ ✻ ✻

איז פאַרהאַן אַ שטאָדט אין ליטא
אויף דער וויליע'ס שטילע ברעגען —
וואו איך זאָל מיין אויג נישט ווענדען,
קומט זי שטענדיג מיר אַנטקעגען.
איז פאַרהאַן אַ געסיל דאָרטען
און אַ הייזעל שטעהט דאַנעבען —

האלבע יאהרען וואלט איך, דאכט זיך,
פאר דעם הייזעל אבגעגעבען.

און עס וואוינט א קינד אין הייזעל,
האב איך ליעב עס, ווי מיין לעבען—
מיינע גאנצע יאהרען וואלט איך
פאר דעם קינד אוועקגעגעבען.

---



און כל זמן עס איז נאך א זומער פארהאנען,
האב איך נאך אנ׳ארט אויף גאט׳ס ליכטיגער וועלט.
און כל זמן עס זענען די פעלדער בעגראזיגט—
האב איך א געצעלט.

און וואו וועל איך טאגען? אין בלומיגען טאל.
און וואו וועל איך נאכטען? ביי וועמען א מאל.
ווער וועט מיך פערוויגען? דער ווארימער ווינד.
און אויפוועקען וועט מיך די נאכטיגאל ציינד.
און וואס וועל איך עסען? מיט בינען צוגלייך,
און שטילען מיין דורשט וועט א חוואליע פון טייך...



י. סעגאלאוויטש.

## אוים דער פאעמא „אין קאזמעריזש".

אך, גאט! ויען ביי אונז וואלטען זיין ברייטע ים׳ן,
דאן וואלט איך אין שטורם מיין בענקשאפט דערשטיקט.
אליין אויף מיין שיפעל, אליין מיט דער פרייהייט;
כ׳וואלט צום ענדלאזען הימעל מיין ברכה געשיקט...
ווען ביי אונז וואלטען זיין הויכע בערג, ווילדע פעלזען.
וואס שניידען די וואלקענס א דורך, ווי א שפיז,
געקלעטערט מיט מוט וואלט איך דאן צו דער הויכקייט.
געלעגען וואלט דאן מיר דער טאל צו די פים...

געצעהלטע בלויז וואַרפֿין דעם טאָל מיט זיין טומעל
און קלעטערען שטאָלץ אויף די בערג צו דער זון,
געהערט האָב איך ווען פֿון דעם אייגזאַמקייט־ים טוב —
נישט אַלע פֿערשטעהען און טרוימען דערפֿון...

ביי אונז אָבער פֿאַליען דאָ זומפּיגע טייכען,
ביי וועלכע מיר וויינען זיך אוים יעדעם יאָהר,
פֿון תשליך צו תש״יך... פֿיעל טייכען מיט טרערען
עם ווערען פֿערגאָסען ביים עלענדען דור...
די בערג זענען קיינע ביי אונז און אַלץ פֿרעמדע,
מיר זעהען ווי קנעכט דאָ פֿערשלאָסען אין טאָל...
דאָך, קאָמעראָש... אַלט־קאָנסערוש! דיך וועל איך געדענקען,
דו האָסט מיך געפֿרעהט און געפּייניגט פֿיעל מאָל...
עס שוועבען פֿאַר מיר דיינע אַלטע רואינען,
די קאָזעס, וואָס דראַפּען זיך שווער אויפֿ׳ן באַרג,
דער קלויסטער, וואָס שטעהט אויבען אָן אויף אַ בערגעל,
די גרויסע פֿיער־קאַנטיגע הייזער אין מאַרק.

עס שוועבען פֿאַר מיר דיינע הענדלער — די יודען;
געבויגענע רוקענס, צופלאָנטערטע בערד,
די יודישע מאַמעס, וואָס וואַשען ביים ווייכסעל,
די פּנים׳ר דאַר און שוואַרץ־גרוי, ווי די ערד...
די באָרוויסע יונגלעך מיט כשר׳ע ציצית,
מיט אויגען פֿון מזרח... אַך, אויגען פֿול חן!
עס שוועבען פֿאַר מיר דיינע כלות די פֿרומע,
די חופּה׳ס ביים שוהל, ביי אַ שמייכלען געוויין;
דער אַלטער „פּרושעוואָזניק״, וואָס דאַוונט ביים ווייכסעל,
וואָס רעדט נישט מיט קיינעם פֿון שטאָלץ, צי פֿון כעס...
זיין אויסזעהען דערמאָהנט מיר דעם כהן־הגדול,
זיין עלטער איז שען און זיין פּנים איז בלאַס.

עס לויפֿען די פֿערדלעך גאַנץ פֿרעהליך און לוסטיג,
דער וועג איז מיט שענע לאַנדשאַפֿטען דאָ רייך;
פֿון איין זייט די בערגלעך, ווי טרעפּלעך צום הימעל,
פֿון צווייטען — די פֿלאַכיגע פֿעלדער ביים טייך.
אַריע, מיין בעצויבערטע אָרעמע שטעדטעל,
איך פֿאָהר אין די ענגע פֿערוויסטע שטאָדט;

דאָרט לעבען פיעל גרעסערע העגדלער׳ס, ווי דײַנע,
דאָרט האָט מען אײַנגאַנצען פערגעסען אָן גאָט...
דאָרט פיהל איך זיך פרעמדער, ווי דאָ אין דער שטילקײַט...
עס זעגענט מיט מיר זיך אויף לאַנג די נאַטור.
מײַן פוהרמאַן זעהט אויס מיט זײַן באָרד, ווי אַלמרן,
און שלאָפט, ווי אַ פויער, און כראַפּעט אין פוהר...

עס גיט זיך מיר איבער זײַן שלאָפען... איך דריבעל,
איך וויעג זיך אַליין שוין אין וואָגען און טרוים:
עס געהט עפּיס ווער אויפ׳ן וועג מיר אַ־טקעגען,
עס נעדמט אָן אַ מײַדעל די פּעד פאַר׳ן צוים.
געזעהן האָב איך ערגעץ די גרוי־בלויע אויגען,
די גאָלדענע דאָהר, וואָס צופאַלען אויף איהר.
איהר שמײכעל האָט פיעל מאָל מײַן טרויער פערטריבען;
אָט שטרעקט זי שוין ווידער די אָרעמס צו מיר...
נאָר פלוצלונג פערשווינדט אַל׳ץ — די פּודר גיט אַ טרײַסעל,
איך עפען די אויגען און ציטער פון שרעק...
דער פוהרמאַן איז אויכ׳עט שוין אויף, און מיר זעהען —
אַ צלם אַ גרויסער פערצוימט אונז דעם וועג...

ער שלאָפט שוין נישט מעהרער, דער פוהרמאַן דער אַלטער,
ער לאָזט שוין די פּערד נישט אַראָב פון שאָסיי.
דער וועג איז פערריננעלט מיט אוראַלטע ביימער,
מיט הונדערטער נעסטען פון קראָהען אויף זיי...
עס קראַקען די קראָהען, עס קומט אָן דער אָוועגד,
אַ האַלבע לבנה בעווײַזט זיך אין רוים,
אַ באָרוויסער יוד מיט אַ זאַק אויפ׳ן פּלייצע
שפּרײַזט לאַנגזאַם און חלומ׳ט פון רוה אין זײַן היים.
און מיך זאָל בעגלייטען דער רוהיגער שטערן,
דער שטערן, וואָס ווײַזט זיך דער ערשטער פאַרנאַכט.
איך הער שוין דאָס פּייפען פון צוג פון דער ווײַטען —
וואו רופט מיך דער טומעל? וואו פיהרט מיך די נאַכט?



י. ראָלניק.



הימלען טיעף בלויהע מיט גאָלדענע שריפט
וואסערען שווארצע אין בוימער פערטיפט.

געלט פונ'ם זומער פול תאוה און לוסט,
רויט די לבנה און גליהענד די ברוסט.

פאָהרט אויפ'ן טייכעל א שיפעלע אום,
זיצען צוויי מענשען דאָרט נאָהענט און שטום.

לויפט פאר'ן שיפעל א זילבערנער שוים,
רוהט זיך דאָס שיפעל אָב הינטער א בוים.

פלעכטען צוויי שאטענס זיך ענגער צונויף,
כאפט זיך א שלאָפענדיג פויגעלע אויף.

עפעס א סוד האלט פערבאָרגען די נאכט,
אזוי ווי א שומר דער בוים שטעהט און וואכט.

---

# צום טיש, צום טיש.

צום טיש, צום טיש,
ווער שפיעלט מיט מיר?
איך שטעל איך קאָן:
א לאפקע פון א שווארצען האָהן,
א שטיקעל פארב-פאפיער,
א חלום ניט פערענדיגט האלב,
א ניט-דערקוילעט קאלב,
א טיטעל וואָס איז האלב פערמעקט,
אנ'עהרע אָבגעניצט, פערפלעקט,
א שערבעל פון א סדר-כוס,
א דארע בלאט, א חורבה-גראז.

רעקלאמאציע.



ווער געהט צום טיש?
ווער שפּילט מיט מיר?
איין איינציג קאָרט, אַ מלכּה יונ,
אַנ׳איינציג שפּיעל, אַ זילבער־קלונג,
איהר געהט נישט, ששאַ... איך שפּיעל מיט — מיר —
און נעהם זיך אַלע מלכּות פּיער.



## מ. ברכהן.



די אויגעלעך שוואַרץ
און ליכטיג דער בּליק,
געבּערגעלט דאָס האַרץ,
דאָס פּנים בּעט גליק.—

די האָר אין אַ קראַנץ,
דאָס קעפּעלע — שען,
אַ קינדערשער גלאַנץ,
אַ מיידעלשער חן.—

און פלינק ווי אַ קלער
און לייכט ווי אַ ווינד;
און ריין ווי אַ טרעהר
און ליעב ווי אַ קינד.—

און ס׳זינגט און עס פליהט
— אַ טאַנץ און אַ לאַך;
אָהן ווערטער אַ ליעד,
און ס׳רעדט מיר אַ סך...



